# די אידישע אויטאנאמיע
## און
# דער נאציאנאלער סעקרעטאריאט
## אין אוקראינע.

### מאטעריאלן און דאקומענטן.

קיעוו 1920.

# די אידישע אווטאנאמיע

## און

# דער נאציאנאלער סעקרעטאריאט

## אין אוקראינע.

### מאטעריאלן און דאקומענטן.

קיעוו 1920

# אינהאלט.



## די פּאָגראָמען.

## די קהלות.



## די קליינע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג.



## כראָניק.



## ביבליאָגראַפיע.



## הוספות צום בוך:

הוספה I.

געזעץ-פּראָעקטן, אָנגענומען פון דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג (פולער טעקסט):



הוספה II.

# הקדמה.

דאָס בוך—„די אידישע אווטאָנאָמיע און דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט אין אוקראַינע“ נעמט אַרום אַ גאַנץ באַשטימטע כאַראַקטעריסטישע תקופה אין דער באַוועגונג פון אַ אידישער נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין איקראַינע—די תקופה, ווען ס׳זיינען צוערשט אַרויסגעטראָטן און ס׳האָבן פונקציאָנירט דעמאָקראַטיש-אויסגעוועהלטע אָרגאַנען פון דער אווטאָנאָמיע: פון נאיאבר 1918, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די ערשטע צייט-ווייליגע אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאמלונג אין איקראַינע און ס׳איז אויסגעוועהלט געוואָרן דער אויספיר-אָרגאַן פון דער אווטאָנאָמיע, דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט,—ביז פעווראַל-מאַרט 1919, ווען די ראַטן-מאַכט האָט אָנגעהויבן צו ליקווידירן אַלע געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטן און דעמאָקראַטישע איינריכטונגען און אויך די רעשטן פון דער אידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג אין לאַנד.

דאָס בוך איז געווען גרייט צום דרוק נאָך מיט 9 חדשים צוריק, אָבער די פּאָליטישע תנאים, וואָס האָבן געהערשט אין לאַנד, פון נאָך פעווראַל אָן, האָבן ניט געגעבן קיין מעגליכקייט עס צו פאַרעפענטליכן. יעדע אָפענע טריבונע פון דער אידישער געזעלשאַפטליכקייט איז געווען אינמעגליך, די לעבעדיגע פאַרבינדונג צווישן צענטר און די קהלות און צווישן איין קהלה און דער צווייטער איז געווען איבערגעריסן. דערצו האָט איבער אַלץ און אַלעמען געדריקט דער שרעקליכער פּאָגראָם חורבן. דאָס גאַנצע אידישע לעבן אין אוקראַינע איז געבליבן רואינירט,—און עס איז געווען אַן ערנסטע סכנה, אַז איינע פון די כאַראַקטעריסטישסטע תקופות אין דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער אווטאָנאָמיע וועט אָפּגעמעקט ווערן פונ׳ם זכרון און די רעזולטאַטן פון איר אַרבעט וועלן בלייבן באַהאַלטן אין די אַרכיוו-געהיימנישן.

כדי צו באַקאָנען די וועלט מיט אַט די רעזולטאַטן פונ׳ם קאַמף פאַר דער אידישער נאַציאָנאַלער זעלבסטפאַרוואַלטונג, און מיט דעם ערפילן אויך דעם חוב פון אַ געזעלשאַפטליכן דין-וחשבון, ווערן אַרויסגעלאָזט די מאַטעריאַלן פונ׳ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט איצט, ווען מיר לעבן שוין אין אַ גאַנץ אַנדערער תקופה פון דער אידישער געזעלשאַפטליכקייט.

די מאַטעריאַלן, וואָס ווערן דאָ פֿאַרעפֿענטליכט, נעמען בריט אַרום די גאַנצע אַרבעט פֿונ׳ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט און אויך פֿון דער קליינער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג אין משך פֿון דעם אויבן-אָנגעוויזענעם פּעריאָד. דעם ערשטן אָרט פֿאַרנעמט די אַרבעט אין געזעצגעבערישע פֿראַגן. אין אַ רייהע אַרטיקלען ווערן באַהאַנדעלט די יסודות פֿונ׳ם אָנגענומענעם „סטאַטוט פֿון די קהלות״, אויך פֿונ׳ם געזעץ-פּראָעקט וועגן דעם „אידישן נאַציאָנאַלן פֿאַרבאַנד״, וואָס די יורידישע קאָמיסיע ביים נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט האָט צוגעגרייט, און אויך די פֿראַגן פֿון אַ אידישן שטאַטס-סעקרעטאַר און די ענדערונגען אינ׳ם געזעץ וועגן דער נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע. אייניגע פֿון די אַרטיקלען ווערן געדרוקט בלויז אַלס צוגרייטונגס-מאַטעריאַל פֿון דער יורידישער קאָמיסיע וועגן פֿראַגן, וועלכע זיינען נאָך לעת עתה ענדגילטיג ניט באַשלאָסן געוואָרן פֿון דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט און פֿון דער קליינער נאַצ פֿאַרזאַמלונג.

ספּעציעל דער געזעצגעבערישער אַרבעט איז געווידמעט די הוספה I צום בוך, וואו עס ווערט געבראַכט דער פֿולער טעקסט פֿון אַלע געזעצן, וואָס זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן פֿון דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט און אָנגענומען פֿון דער קליינער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג.

צווישן די ערשטע אַרטיקלען פֿון בוך קומען די מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג און דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט און די מאַטעריאַלן וועגן די פּאָליטישע פֿאַרהאַנדלונגען, וואָס דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט איז אויסגעקומען צו פֿירן מיט דער אוקראַאינישער דירעקטאָריע בנוגע דער אַנערקענונג פֿון דער אידישער אַווטאָנאָמיע.

אַ באַזונדער אָפּטיילונג („קהלות״) מאַכט באַקאַנט מיט׳ן צושטאַנד פֿון די קהלות אין אוקראַאינע מיט זייער אינערליכן לעבן ביז דער קריזיס-צייט און גיט אַ סטאַטיסטישן אַנאַליז און אַ רשימה פֿון די פֿאַררעגיסטרירטע קהלות. אין אַ באַזונדער אַרטיקל איז אויך געזאַמעלט דער מאַטעריאַל וועגן דער באַוועגונג פֿאַר אַ אידישער נאַציאָנאַלער פֿאָרשטעהערשאַפֿט אין פֿאַרשידענע לענדער.

אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ אין בוך פֿאַרנעמט אויך דער אינפֿאָרמאַציאָנס-מאַטעריאַל: די געקירצטע פּראָטאָקאָלן פֿון דער קליינער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג און די כראָניק וועגן דער טעטיגקייט פֿונ׳ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט און פֿון די אַנשטאַלטן, וואָס זיינען דורך אים אַרויסגערופֿן געוואָרן צום לעבן. צום סוף פֿון בוך האָט די רעדאַקציע געפֿונען פֿאַר נויטיג צו געבן אַ ביבליאָגראַפֿישע אָנווייזונג צו די פֿראַגן פֿון נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, קהלה און אידישער נאַציאָנאַלער פֿאָרשטעהערשאַפֿט: די ביבליאָגראַפֿיע ברענגט די ליטעראַטור אין אידיש, העברעאיש און רוסיש.

אַ גרויסן טייל פון בוך בילדן די מ אַ ט ע ר י אַ ל ן וועגן די פּ אָ ג ר אָ-מ ע ן אין אוקראַינע; אויסער אַן אַרטיקל וועגן דער טעטיגקייט פון׳ם גאָצ. סעקרעטאַריאַט אין דער היגזיכט און זיינע פאַרהאַנדלונגען מיט דער מאַכט כדי אָפּצושטעלן די פּאָגראָמען, ווערן צוערשט פאַרעפנטליכט אַ רייהע דאָקו-מענטן און ס׳ווערט געבראַכט אַ רשימה פון פּאָגראָמען. בנוגע די פּאָגראָם-מאַטעריאַלן איז די רעדאַקציע אָפּגעטראָטן פון דעם אַלגעמיינעם פּלאַן פון בוך און האָט געבראַכט די דאָזיגע מאַטעריאַלן ניט ביז פעוראַל-מאַרט, ווי אין אַלע אַנדערע אַרטיקלען, נאָר ב י ז׳ן ס ו ף מ אַ י—ביז׳ן לעצטן מאָמענט, ווען די דאָזיגע אָפּטיילונג איז צונויפגעשטעלט געוואָרן. מען מוז אָבער באַמערקן, אַז די אומשטענדן פון יענעם מאָמענט האָבן נאָך גיט געגעבן קיין מעגליכקייט פאָרצושטעלן אַ גענויע בילד פון דעם פּאָגראָם-חורבן, און, למשל, די רשימה פון די פּאָגראָמען, וואָס ווערט אין בוך געבראַכט, איז ווייט ניט קיין פולע און אויסשעפּענדיגע. די רעגיסטראַציע פון די פּאָגראָמען איז דאַן פאָרגעקומען בעידן רתחא, אין דער הייסער מינוט פון די געשעהענישן, און דאָס אמת׳ע, פולקאָמע בילד פון דער פּאָגראָם-באַוועגונג איז קלאָר געוואָרן ערשט שפּעטער, ווען פון די ערטער זיינען אָנגעקומען גענויע באַריכטן און אויספירליכע מאַטע-ריאַלן. די מאַטעריאַלן, וואָס ווערן דאָ פאַרעפנטליכט, באַרירן הויפּטזעכליך די ע ר ש ט ע פּעריאָדן, ווען די פּאָגראָם-באַוועגונג האָט נאָך ניט אָנגענומען אַזאַ מאַסן-כאַראַקטער, ווי פון מאַי אָן און שפּעטער, און עס מוז גענומען ווערן אין אַכט, אַז די אָפּטיילונג איז צונויפגעשטעלט געוואָרן נאָך מ י ט 3 ח ד ש י ם צוריק.

דאָס בוך ערשיינט אין אַ מאָמענט, ווען דאָס אידישן לעבן געפינט זיך נאָך אַלץ אין אַ שרעקליכן קריזיס, ווען נייע חורבנות און נייע פאָלקס-ליידן טיילן אונז אָפּ פון יענעם פּעריאָד, וועלכן דאָס בוך באַשרייבט. דער מאַרטי-ראָלאָג פונם בוך זעלבסט, די שטערונגען, וועלכע ער האָט אויף זיין וועג באַגעגנט, סימבאָליזירן מיט זיך דעם אידישן געזעלשאַפטליכן לעבן אין דער איצטיגער שווערער צייט.

קיעוו, דעקאַבר 9 19.

די רעדאַקציע פון דעם בוך בילדן פאָלגענדע פערזאָנען:

מ. גראָסמאַן, י. גרינפעלד, א טשעריקאָווער, וו. לאַצקי און י. שעכטמאַן.

אָן אנטייל אינ׳ם בוך האָבן, אויסער דעם, אויך גענומען: פ. דיק-שטיין, ב. וועסט, ש. ניעפאָמנישצי, מ. פאָסטאַן און י. קלינאָוו.

---

דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט האָט באַשלאָסן אַרויסצולאָזן דעם בוך גלייכצייטיג אין ביידע שפראַכן—אין העברעאיש און אין אידיש. די העברעאישע אויסגאַבע איז באַצייטענס אויך געווען אינגאַנצן גרייט צום דרוק. די פאָליטישע תנאים אָבער, וועלכע האָבן אַזוי פאַרהאַלטן דעם בוך, זיינען געווען באַזונדער ניט גינסטיג פאַר דער העברעאישער אויסגאַבע, און די אַרבעט האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן.

דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט נוצט אויס אַלע מעגליכקייטן, כדי די העברעאישע אויסגאַבע זאָל דאָך ערשיינען.

---

## די וויכטיגסטע דרוק-פעלערן.

ז. 13, שורה 17: שטעהט—דעקאבר, דארף זיין—סענטיאבר.
„ 84, „ 29: „ —ויטל „ —לויט
„ 129, „ 6: „ —שטאַט־פארוואלטער „ —שטאַב־פארוואלטער
„ 142, „ צום סוף „ Гарвишко— „ Гаврищко—
„ 177, „ 22: „ —לנעפאָפע „ —פאָפעלנע.
„ 183, „ 7 פון גרינצ־יעוס אוניווערסאל: שטעהט Международная война דארף זיין Междуусобная война
„ 292, „ 16: שטעהט—ש. ברירא, דארף זיין—ברוירא

# די צייטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג און דער אידישער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט אין אוקראַינע.

(געשיכטע און אַנטשטעהונג).

כדי צו מאַכן קלאָר און קענען ריכטיג אָפּשאַצן דעם יורידישן מקור, די נאַטור און פונקציעס פון דער צייטווייליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און דעם צענטראַלן אויספיר-אָרגאַן פון דער אידישער אווטאָנאָמיע, וואָס זי האָט געשאַפן—דעם נאַציאָנאַלען סעקרעטאַריאַט—גיבן מיר דאָ איבער אין אַ כראָנאָלאָגישן סדר די געשיכטע פון דער ערשטער אידישער פאָלקס-פאַרטרעטונג אין אוקראַינע לויט דאָקומענטן און מאַטעריאַלן.

I.

הגם דער געזעץ וועגן שאַפן און וועהלן דעמאָקראַטישע קהלות אין אוקראַינע איז אָנגענומען געוואָרן פון דער צענטראַלער ראַדע ערשט דעם צווייטן דעקאַבר 1917, זײַנען קהלה-וואַלן, אויפ׳ן סמך פון אַלגעמיינע און פראָפּאָרציאָנעלע וואַל-רעכט, פאָרגעקומען אין אַ סך שטעט נאָך פיל פריהער. שפּעטער זײַנען זיי כמעט אַלע באַשטעטיגט געוואָרן פונ׳ם מיניסטעריום פאַר אידישע ענינים, ווײַל אין תוך האָט זייער וואַל-אָרדנונג ניט עובר געווען אויף די „צײַטווײַליגע תקנות וועגן דער שאַפונג פון די קהלה-ראַטן און וועגן וואַלן פון זייערע מיטגלידער", וועלכע עס האָט אַרויסגעגעבן, אַלס אַ באַזונדער געזעץ, די צענטראַלע ראַדע.

לויט דעם פונקט 5 פון די דאָזיגע תקנות האָבן געהאַט „שטים-רעכט ביי די וואַלן אין די אידישע קהלה-ראַטן די אַלע בירגער פון אידישער נאַציאָן, אָהן אונטערשייד פון געשלעכט, וואָס זײַנען צום טאָג פון די וואַלן שוין געוואָרן 20 (צוואַנציג) יאָר אַלט און וואָס זיינען אַריינגעטראָגן אין דער וועהלער-רשימה ניט שפּעטער פון צוויי טעג פאַר די וואַלן". אין די ווײַטערדיגע פונקטען פון די תקנות ווערט נאָך פעסטגעשטעלט דאָס געהיימע, דירעקטע און פראָפּאָרציאָנעלע וואַל-רעכט.

אויפ׳ן סמך פון די אויבענדערמאָנטע תקנות, וואָס האָבן געגעבן, ווי עס איז צו זעהן, די מעגליכקײַט איטליכן אידן צו נעמען אין זיי אַן אָנטייל, זײַנען פאָרגעקומען די וואַלן אין די 161 קהלה-ראַטן, וועלכע האָבן שפּע-

טער אויסגעוועהלט די צײַטווײַליגע אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אין אוקראַינע.

אָט די דאָזיגע 161 דעמאָקראַטישע קהלות, וואָס זײַנען געקליבן געוואָרן נאָך דער רעוואָלוציע, זײַנען אויף אַזאַ אופן געווען דער איינציגער מקור פון דער ערשטער אידישער פאָלקספאַרטרעטונג.

ווער האָט באַשלאָסן צונויפרופן די צײַטווײַליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג? ווער האָט אויסגעאַרבעט די „תקנות וועגן וועהלן מיטגלידער פון דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג“ און דעם „סטאַטוט וועגן דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג“? און, ענדליך, ווען זײַנען אָנגענומען געוואָרן אָט די דאָזיגע וויכטיגע החלטות?

אַ תשובה אויף דעם געפינען מיר אין דער אָפיציעלער אויסגאַבע פונם גאַנצן געזעץ-פּראָיעקט (תקנות און סטאַטוט), „געדרוקט אין דער דרוקערײַ פון ה׳ גלויבערמאַן לויטן באַפעהל פונם פאָלקס-מיניסטעריום פאַר אידישע ענינים, אַפּריל 1918“.

פון דעם דאָזיגן אָפיציעלן דאָקומענט איז צו זעהן, אַז דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַל-ראַט בײַם מיניסטעריום פאַר אידישע ענינים, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויפן סמך פון אַ ספּעציעלער אינסטרוקציע פונם מיניסטער פאַר צווישענפעלקערישע ענינים און איז באַשטאַנען פון די פאַרטייען „בונד“, „פאַראייניגטע“, „פועלי-ציון“ און „פאָלקס-פאַרטיי“ (די ציוניסטן האָבן זיך אין דעם ערשטן נאַציאָנאַל-ראַט ניט באַטייליגט, הגם זיי האָבן געהאַט, לויט דער אינסטרוקציע, דאָס רעכט דערצו), האָט אויף זײַנע זיצונגען פון 3, 19, 20 און 22 אַפּריל 1918 באַטראַכט און באַשטעטיגט סײַ די וואַל-תקנות צו דער צײַטווײַליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אַזוי אויך דעם סטאַטוט; זיי זײַנען ביידע טאַקע גע׳חתמ׳עט פון די ה״ה: מ. יודין („פאָלקס-פאַרטיי“), מ. ליטוואַקאָוו („פאַראייניגטע“), מ. ראַפעס („בונד“) און א. רעוואוצקי („פועלי-ציון“) — אַלס דעם פּרעזידיום פונם נאַציאָנאַל-ראַט.

די וואַל-תקנות און דער סטאַטוט זײַנען, אלזא, באַטראַכט און אָנגענומען געוואָרן פון דעם ערשטן נאַציאָנאַל-ראַט אין אָנהויב אַפּריל, אין די צײַטן פון דער צענטראַלער ראַדע, ווען בראש פונם אידישן מיניסטעריום זײַנען געשטאַנען די ה״ה וו. לאַצקי (מיניסטער), י. חורגין (וויצע-מיניסטער) און אַנד.

דער ערשטער פּאַראַגראַף פון די וואַל-תקנות זאָגט:

„דאָס רעכט צו באַטייליגן זיך אין וועהלן מיטגלידער פון דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָט יעדער מיטגליד פון אַ אידישן קהלה-ראַט, וואָס איז געבילדעט געוואָרן אויפן סמך פונם געזעץ פון 2 דעקאַבער 1917, ווען די וואַלן אינ׳ם דאָזיגן קהלה-ראט זײַנען פאַרגעקומען ביז׳ן טאָג פון די וואַלן אין דער דערמאָנטער פאַרזאַמלונג און זײַנען ניט גע׳פסל׳ט געוואָרן דורך דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיסיע“.

דער „סטאַטוט וועגן דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַר-זאַמלונג" באַשטעהט פון 9 אַרטיקלען. מיר ברענגען דאָ די וויכטיגסטע פון זיי, וואָס מאַכען קלאָר די כונה פון די, וואָס האָבען אים אָנגענומען, שטרע-בענדיג צו שאַפן דעם העכסטען אָרגאַן פון דער אידישער אווטאָנאָמיע אין אוקראַינע:

„אַרט. 1. צײַטווײַליג, ביז עס וועט צונויפגערופן ווערן די אידישע נאַציאָנאַלע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, ווערט די צײַטווײַליגע אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אָנערקענט אַלס די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, וואָס פונקצי-אָנירט לויטן אַרט. 9 פונם געזעץ פון 9 יאַנוואַר 1918 יאָר וועגן נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע.

דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאמלונג, אַלס דעם העכסטן פאַרטרעטונגס-ארגאַן פונ'ם אידישען נאַציאנאַלען פאַרבאַנד, געהערן אַלע רעכט, וואס זײַנען אנגעצייכענט אין אַרט. 1, 3, 4, 5, 6 און 9 פונם דערמאנטען געזעץ".

„אַרט. 2. די צײַטווײַליגע אידישע נאַציאנאַלע פאַרזאַמלונג באַשטעהט פון די פופציג (50) מיטגלידער פונם צײַטווײַליגן אידישן נאַציאנאַל-ראַט בײַם פאלקס-מיניסטעריום פאַר אידישע ענינים און פון פינף-און-זיבעציג (75) מיטגלידער, וואס ווערן אויסגעקליבן, לויט די בײַגעלעגטע תקנות דורך די מיטגלידער פון די אידישע קהלה-ראַטן, וואס זײַנען געבילדעט אויפ'ן גרונט פונם געזעץ וועגן די אידישע קהלה-ראַטן פון 2 דעקאַבר 1917,—צוזאַמען פון 125 מיטגלידער".

„אַרט. 5. די צײַטווײַליגע אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג:

א) רופט צונויף די אידישע נאַציאָנאַלע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג צו דעם דורכן געזעץ באַשטימטן טערמין.

ב) בילדעט אָרטיגע און קרײַז-אָרגאַנען פונם אידישען נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אויף צו אָנפירען מיט די אָרטיגע ענינים פונם דאָזיגן פאַרבאַנד אויפן יסוד פון זעלבסטפאַרוואַלטונג, באַשטימט די קאָמפּעטענץ און די איינ-אָרדנונג פון די דאָזיגע אָרגאַנען און פאַראייניגט זייער טעטיגקײַט;

ג) שטעלט צונויף, לויטן אַרט. 3 פונ'ם דערמאָנטען געזעץ פון 9 יאַנ-וואַר 1918, דעם קאַדאַסטער פון דעם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און פאַרוואַלטעט מיט אים און פירט אָן די רעגיסטראַטור פון די מעטריקאַל-אַקטן פון די מיטגלידער פונם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד;

ד) באַקומט פון דער מלוכה-קאַסע אויף די ענינים פונם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד געלד-סומען לויטן אַרט. 5 פונם דערמאַנטען געזעץ פון 9 יאַנוואַר 1918;

ה) שטעלט צונויף און באַשטעטיגט דעם ביודזשעט פון אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, באַשטײַערט די מיטגלידער פונם דאָזיגן פאַרבאַנד אויף די יסודות, וואָס זײַנען אָנגעוויזן אין אַרט. 6 פון דעם דערמאָנטן געזעץ פון 9

יאַנוואַר 1918, און פאַרווירקליכט אַנדערע פינאַנסיעלע מאָס-רעגעלן, וואָס זײַנען אָנגעוויזן אין דעם זעלבען אַרטיקל;

ו) האָט אויסשליסליך דאָס רעכט צו רעפּרעזענטירן די אידישע נאַציע אין די גרענעצן פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק, אין הסכם מיטן אַרטיקל 4 פונם דערמאָנטן געזעץ פון 9 יאַנוואַר 1918, אין אלע פאַלן, וואָס זיינען פאָראויסגעזעהן דורך די געזעצן פון דער רעפּובליק;

ז) ביז וואַנען ס'וועט באַשטעטיגט ווערן די קאָמפּעטענץ פון דעם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד לויט דעם אַרט. 7 פון דעם געזעץ פון 9 יאַנוואַר 1918, פאַרוואַלטעט, אַנטשפּרעכענד דעם אַרט. 1 פונם אָנגעוויזענעם געזעץ, מיט פאָלקס-בילדונג און די ענינים פון נאַציאָנאַלער קולטור בכלל, מיט סאָציאַלער פאַרזאָרגונג און סטאַטיסטיק, וואָס זײַנען שייך דער אידישער נאַציע אין די גרענעצן פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק".

„אַרט. 6. כדי אויסצופירן און פאַרווירקליכן אירע החלטות און באַשטימונגען, וועהלט אויס די צײַטווײַליגע אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אויפן גרונד פון אַרט. 9 פונ'ם דערמאנטן געזעץ פון 9 יאַנוואַר 1918 דעם אידישן נאַציאָנאַלן ראַט, שטעלט אײַן דעם סדר פון איר אייגענער טעטיגקײַט און באַשטימט אויך די רעכט, התחייבות און טעטיגקײַט-סדר פונם אידישן נאַציאָנאַל-ראַט.

„אַרט. 7. די געזעצגעבערישע החלטות, וואָס ווערן אָנגענומען דורך דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג וועגן די ענינים, וואָס זײַנען אויסגערעכנט אין אַרט. 5 פונם דאָזיגן סטאַטוט, ווערן צוגעשטעלט דעם פאָלקס-מיניסטער פאַר אידישע ענינים, וועלכער, נאָך דער קאָנטראַסיגנירונג, גיט זיי איבער צום פאַרעפענטליכן, לויט דעם סדר, וואָס איז אָנגעוויזן אין אַרט. 4 פונם דערמאנטן געזעץ פון 9 יאַנוואַר 1918".

„אַרט. 9. די צײַטווײַליגע אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פונקציאָנירט ביזן טאָג, וואָס עס ווערט געעפענט די אידישע נאַציאָנאַלע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, צו וועלכער עס געהען איבער אַלע רעכט און ענינים פון דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג".

כדי צו געבן דער צײַטווײַליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג געהעריגע מלוכה'שע רעכט, ווי דעם העכסטן אידישן געזעצגעבערישן אָרגאַן, האָט דער וויצע-מיניסטער פאַר אידישע ענינים י. חורגין אַרײַנגעטראָגן דעם 28 אַפּריל 1918 (דעם לעצטן טאָג פון דער צענטראַלער ראַדע) אַ „געזעץ-פּראָיעקט וועגן דער אידישער נאַציאָנאַלער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג"[1], אין וועלכן מיר געפינען די פאָלגענדע צוויי אַרטיקלען:

---

[1]) צוליב דעם, וואָס די ראַדע איז צעטריבן געוואָרן, האָט מען דעם געזעץ אין דער ראַדע ניט באַטראַכט.

„IV. פאַרשפרייטן אויף די מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַלער אידישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און פון דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג די ווירקונג פונם געזעץ פון דער אוקראַינישער צענטראַלער ראַדע פון 16-טען אַפריל 1918 יאָר וועגן אימוניטעט פון די מיטגלידער פון דער צענט-ראַלער ראַדע; דערבײַ אין אַלע פאַלן, ווען לויטן געזעץ פאָדערט זיך דער הסכם פון דער אוקראַינישער צענטראַלער ראַדע, ווערט אין באַציהונג צו די מיטגלידער פון דער אידישער נאַציאָנאַלער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און צו די מיטגלידער פון דער צייטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג געפאָ-דערט דער הסכם פון די אנטשפרעכענדע פאַרזאַמלונגען.

„V. אַסיגנירען געלט-מיטלען, לויט דעם בײַגעלעגטן חשבון, אויף דורכצופירן די וואַלן אין דער אידישער נאַציאָנאַלער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און אין דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, ווי אויך אויסצוהאַלטן אינם משך פון 1918 יאָר די דערמאנטע פאַרזאַמלונגען און זייערע אויספיר-אָרגאַנען. די אַסיגנירטע סומען פאַררעכענען אויפן 1918 יאָר אין די קרעדיטן פונם פאָלקס-מיניסטעריום פאַר אידישע ענינים.“

עס איז דערפון קלאָר, אַז דער נאַציאָנאַל-ראַט אין זײַן ערשטן באַ-שטאַנד האָט זעלבסטשטענדיג אויסגעאַרבעט אין משך פון חודש מאַרס און באַשטעטיגט אין אַפריל די וואַל-תקנות און דעם סטאַטוט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, האָבענדיג בדעה צו שאַפן אַ צייטווײַליגן העכסטען געזעצ-געבערישן אָרגאַן פון דער אידישער נאַציע, וואָס זאָל האָבן אלע פונקציעס פון דער גרינדונגס-פאַרזאמלונג (ווי ס׳איז אָנגעוויזן אין דעם ערשטן, צווייטן און פינפטן אַרטיקל פון סטאַטוט), אַ אינסטיטוציע, וואָס זאָל זיין דער מקור פון מאַכט, ווײַל איר געהערט, לויטן זעקסטן אַרטיקל, דאָס רעכט אויסצוקלייבן דעם אויספיר-אָרגאַן און „באַשטימען זיינע רעכט, התחייבות און טעטיגקייט-סדר.“

אמת, דער אַרטיקל פינף באַגרענצט אין געוויסן זין די קאָמפעטענץ פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אָבער ער געפינט זיך אין אַ סתירה צו די אַרטיקלען 1 און 2, וועלכע גיבן דעם פאָרפאַרלאמענט אַלע רעכט פון אַ נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וואָס פונקציאָנירט לויטן אַרט. 9 פונם געזעץ פון 9 יאַנוואַר 1918 וועגן נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע.

וואָס איז נוגע דעם באַשטאַנד פון דער צײַטווײַליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, איז פון דעם אויבענדערמאַנטען ערשטן פונקט פון די וואַל-תקנות צו זעהן, אַז סיי פאַר דעם נאַציאָנאַל-ראַט אַזוי אויך פאַר דעם אידישן מיניסטעריום איז געוועזן פאָראויס קלאָר, ווער וועט האָבן אין פאָרפאַרלאַמענט די מערהײַט, ווײַל צום אָנהויב אַפריל זײַנען שוין פאָרגע-קומען וואַלן אין מער ווי 150 אידישע קהלות אין אוקראַינע. דעריבער איז טאקע אַרײַנגעטראָגן געוואָרן דער פאָרשלאַג צונויפצושטעלן די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פון צוויי עלעמענטן: פון 75 מיטגלידער, געקליבענע דורך די

קהלה-ראַטן, און פון 50 — מיטגלידער פון דעם נאַציאָנאַל-ראַט, וועלכער איז באַשטאַנען פון דעלעגירטע פּאַרטיי-פאָרשטעהער אויף פּאַריטעטע יסודות.

אָט וואָס עס שרײַבט וועגן דעם אין זײַן בוך דער געוועזענער אידישער מיניסטער ד״ר מ. זילבערפאַרב:

„דער גרונד-באַשטאַנד פון פאָרפּאַרלאַמענט האָט לכל הדעות באַדאַרפט געהערן די דעלעגאַטן פון די קהלה-ראַטן. די וואַלן אין די קהלה-ראַטן, וועלכע זײַנען נאָך פאַרן באָלשעוויטישן אָנפאַל באַשטימט געוואָרן אויפן 4-טען פעווראַל, האָבען מחמת דעם באָלשעוויסטישן אָנפאַל ניט געקאָנט פאָרקומען צו דער צײַט. דאך האָט מען געקאָנט זיך ריכטן, אַז ביז חודש מאַי זאָל די העלפט פון דער אידישער באַפעלקערונג פון אוקראַינע באַקומען די מעגליכקײַט זיך צו באַטייליגן אין די וואַלן[1], און הגם די וואלן האָבן געהאַט אַ גרונד-חסרון, וואָס זיי זײַנען פאָרגעקומען ניט אין איין צײַט, נאָר אין פאַרשיידענע מאָמענטן, בעת די פּאָליטישע שטימונג האָט זיך פאַר דער צײַט געהאט געביטן, זײַנען פאָרט די וואַלן אין די קהלה-ראַטן געווען דער איינציגער אָביעקטיווער אויסדרוק פון דער פאליטישער שטימונג פון די ברייטע אידישע מאַסן און די קהלה-ראַטן גופא—דער איינציגער אָרגאַן פון דער אידישער אווטאָנאָמיע, וואָס אויף אים האָט דאָס אידישע מיניסטעריום געקאָנט און געדאַרפט זיך אנשפּארען אין זײַן טעטיגקײַט. מ׳האָט אָבער נאָך אַלעמען ניט געקאָנט אינגאַנצען אַראָפּוואַרפן פון חשבון די פּאָליטישע באַדײַטונג, וואָס ס׳האָט באַקומען די אידישע רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראַטיע אין קאַמף, וועלכער איז נאָך גאָרניט געווען פאַרענדיגט. איבערגעבן דעם פאָרפּאַרלאַמענט אין די הענט פונם אַחדות-ציוניסטישן בלאָק, וועלכער האָט געהאַט די מערהייט אין די קהלה-ראַטן, וואָלט געהייסן מיט אַמאָל אָפּשנײַדן מיט די פּרינציפּן און טראַדיציעס פון דער ביזהעריגער טעטיגקייט פון אידישן מיניסטעריום און צווינגען די אידישע דעמאָקראַטיע אָבזאָגן זיך פון אַלע אירע דערגרייכונגען, וועלכע ס׳וואָלט געקאָנט בײַ איר אָפּנעמען נאָר די אידישע גרינדונגס-פאַרזאמלונג. נאָר כדי דער פאָרפּאַרלאַמענט זאָל ניט אויסרײַסן מיט׳ן וואָרצל די ביזהעריגע אַרבײַט פונ׳ם נאַציאָנאַל-ראַט איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן, אַז דער גאַנציאָנאַל-ראַט זאל מיט זיין גאַנצן באַשטאַנד אַרײַנגעהן אינם פאָרפּאַרלאַמענט אויף אַזאַ אופן, אַז פון די 125 מיטגלידער פונם. פאָרפּאַרלאַמענט זאָלען 75 געקליבן ווערן פון די קהלה-ראַטן און 50 ערטער זאָלן איבערגעגעבן ווערן די מיטגלידער פונ׳ם נאַציאָנאַל-ראַט. די ציוניסטן האָבן אויף דעם דאָזיגן פּראָיעקט ניט געוואָלט אײַנגעהן און האָבן אָנגעפירט קעגן אים אַ העפטיגן קאַמף....״[2]

II.

דעם 29—30 אַפּריל 1918 איז פאָרגעקומען די באַוואוסטע איבערקערעניש,

1) די וואלן אין דער צייט. נאצ. פארזאמלונג זיינען ערשט פאָרגעקומען אין יולי 1918

2) ד״ר. מ, זילבערפּארב, „דאָס אידישע מיניסטעריום״, ז. 71 און ווייטער.

זוען צו דער מאכט איז געקומען דער העטמאַן מיט די „כליעבאָראָבן“, וואָס האָבן זיך געשטיצט אויף דעם דייטשן חיל. אַלע מיניסטאָרן, און בתוכם אויך דער אידישער, זיינען באַזייטיגט געוואָרן פון זייערע שטעלעס. כדי צו פאַר-וואַלטן מיטן אידישען מיניסטעריום איז געבליבן אַ קאָלעגיע פון די די-רעקטאָרן פון דעפּאַרטאַמענטן. די נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע אווטאָנאָמיע און דעם נאַציאָנאַל-ראַט האָט מען, אמת, דערווייל נאָך ניט אָנגערירט, נאָר ס'איז געווען קלאָר, אַז די טעג פון דער אווטאָנאָמיע זיינען געצעהלט, און אויב מען וועט ניט אָננעמען קיין הערויאישע מיטלען, וועט אלץ חרוב ווערן. לויט דער אינציאַטיוו פון דער „פאָלקס-פּאַרטיי“ האָט מען דעריבער אָנגעהויבן פירען אונטערהאַנדלונגען מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע וועגן דער רעקאָנסטרואירונג פונם נאַציאָנאַל-ראַט און וועגן ווייטערדיגער געמיינזאַמער אַרבעט סיי לטובת דער אווטאָנאָמיע אַזוי אויך פאַר אַ גיכער צונויפרופונג פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. צווישן די תנאים, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט געשטעלט צוליב איר אַריינטריט אין נאַציאָנאַל-ראַט, איז אויך געווען דער פאָלגענדער תנאי:

„צונויפרופן אין משך פון אַ חודש די צייטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַר-זאַמלונג (ועד הקהלות), וועלכע דאַרף ערפילן די אויפגאַבן פון אַ פאָרפּאַר-לאַמענט. די צייטוו. נאַציאָנאַלע פארזאמלונג דארף באשטעהן בלויז פון 125 מיטגלידער, וואָס ווערן געוועהלט דורך די קהלה-ראַטן, אהן די 50 באַשטימטע פּאַרטיי-פאַרטרעטער, ווי עס האָט געהאַט באשלאָסן דער נאַציאָנאַל-ראַט.“

די דאָזיגע באַדינגונג איז פון אַלע פּאַרטייען אָנגענומען געוואָרן, און בשעת דער סטאַטוט איז שפּעטער באַטראַכט געוואָרן אין דעם רעקאָנסטרו-אירטען נאַציאָנאַל-ראַט (דעם 2-טען יולי) איז דער אַרטיקל 2 איינשטימיג אָנגענומען געוואָרן אין דער נייער רעדאַקציע (אַז די נאַצ. פאַרזאַמלונג באַ-שטעהט פון 125 אויסגעוועהלטע מיטגלידער).

אויף ווי ווייט מען האָט געהאַלטן די וואַל-תקנות און דעם סטאַטוט פאַר אַ וויכטיגער רעוואָלוציאָנערער און דעמאָקראַטישער ערובערונג, קאָן מען זעהן פון דעם באַשלוס, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער זיצונג פונם אַלטן נאַציאָנאַל-ראַט, דעם 13-טן מאַי, אַז „ענדערן דעם סטאַטוט וועגן פאַרפּאַרלאַמענט, די וואַל-תקנות צו אים און צו דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג קאָן מען אין דעם נייעם רעקאָנסטרואירטן נאַציאָנאַל-ראַט נאָר מיט אַ מערהייט פון צוויי דריטל שטימען“.

אויסער דער קאָמפּעטענץ-פראַגע, וועלכע האָט אַרויסגערופן ערנסטע חלוקי-דעות און הוץ אייניגע אויסבעסערונגען, וואָס די ציוניסטישע פראַקציע האָט אַריינגעטראָגן, זיינען אַלע פארגעשלאָגענע שנויים סיי אין דעם סטאַ-טוט אַזוי אויך אין די וואַל-תקנות מערסטענטייל איינשטימיג אָנגענומען געוואָרן אין דעם רעקאָנסטרואירטן נאַציאָנאַל-ראַט.

דעם 4-טען יולי 1918 האָט דער נאַציאָנאַל-ראַט אויסגעקליבן אַ „הויפּט-וואַל-ביוראָ אויף דורכצופירן די וואַלן אין דער צײַטווײַליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג", וואָס איז באַשטאַנען פון 8 מיטגלידער: 3 ציוניסטן, 1 אחדות, 1 פאָלקספּאַרטיי, 1 בונדיסט, 1 פאַראייניגטער און 1 פּועלי-ציון. דאָס דאָזיגע הויפּט-וואַל-ביוראָ האָט שפּעטער אויסגעטיילט פון זיך אַ סעקרעטאַריאַט פון צוויי פּערזאָנען (1 ציוניסט און 1 בונדיסט). דאָס הויפּט-וואַל-ביוראָ איז געווען זעלבסטשטענדיג און געהאַט אַ באַזונדער ביורו און שריפטפירער. ביז ס'האָט עקזיסטירט דאָס אידישע מיניסטעריום האָט זיך דאָס הויפּט-וואַל-ביוראָ געפונען אין דער דירה פונם מיניסטעריום, שפּעטער איז עס איבערגעטראָגן געוואָרן אין דער דירה פון דער קיעווער קהלה.

צום ערשטן מאָל זײַנען די וואַלן געווען באַשטימט אויף דעם 14, 15 און 16 יולי. צוליב אויסערליכע סבות, וואָס האָבן געשטערט באַצײַטענס דורכצופירן די וואַלן, זײַנען זיי אָפּגעלעגט געוואָרן אויף דעם 21, 22 און 23 יולי. אַזוי ווי ס'איז אויסגעבראָכן אן אייזען-באַן-שטרייק, האָט דאָס הויפּט-וואַל-ביוראָ אויסער דעם באַשטימט דערגענצונגס-וואַלן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען דעם 11, 12 און 13 אַווגוסט.

צו דער צײַט (דעם 9-טן יולי 1918) איז שוין בטל געוואָרען דער געזעץ וועגן נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע און דער גורל פונם מיניסטעריום איז אויך געווען באַשטימט. דאָס הויפּט-וואַל-ביוראָ האָט אָבער פּלאַנמעסיג פאָרטגעזעצט זײַן אַרבעט, וואָס איז לגמרי ניט געשטערט געוואָרן ניט דורך דער אויסערליכער פּאָליטישער לאַגע, ווי אויך ניט דורך וועלכע עס איז אינערע סכסוכים. פאַר דער דאַמאָלסדיגער שטימונג און באַציהונג צו די פאָרשטעהענדע וואַלן מצד אַלע גרופּען איז כאַראַקטעריסטיש דער פאָלגענדער דרינגענדער צירקוליאר פון דעם הויפּט-וואַל-ביוראָ, וועלכער איז פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן דעם 12 יולי:

„צו אַלע אָרטיגע וואַל-ביוראָען. פאַר די לעצטע טעג האָבן זיך פאַרשפּרייט ידיעות, אַז די נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע אַווטאָנאָמיע און אירע צענטראַלע אָרגאַנען ווערן אָפּגעשאַפן. ווען די דאָזיגע ידיעות זאָלן זיך אַפילו אַרויסווײַזן פאַר ריכטיג מוזן די וואַלן אין דער צײַטווײַליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אומבאַדינגט פאָרקומען אין דער באַשטימטער צײַט.

„אין הסכם מיט'ן פּרעזידיום, אין וועלכן עס זײַנען איצט ווידער פאַרטראַטן אַ ל ע פראַקציעס פונם נאַציאָנאַל-ראַט, ערקלערט דאָס הויפּט-וואַל-ביוראָ, אַז אינם איצטיגן מאָמענט מוז מיט דאָפּעלטע כּחות פאָרטגעזעצט ווערן די אַרבעט, כדי וואָס גיכער צו באַשאַפן אַ צענטראַלע פאַרטרעטונג פונם אידישן פאָלק אויף אוקראַינע. די וואַלן ווערן נישט אָפּגעלעגט. זיי מוזן פאָרקומען דעם 21-טן, 22-טן און 23-טן יולי אין אַלע אידישע קהלות אויף אוקראַינע".

אינטערעסאַנט איז נאָך צו באַמערקן, אַז די ליסטע מיט די קאַנדידאַטן-צעטלען איז פאַרעפענטליכט געוואָרן אַזוי, אַז די „רשימת הקנדידטים של הפרקציה הציונית העממית צעירי ציון" (№ 1), „של ההסתדרות „אחדות" (№ 3) און „של ההסתדרות הציונית" (№ 6) זייַנען געדרוקט געוואָרען אין העברעאיש, בעת די רשימות פון די איבעריגע פראַקציעס: „פאַראייניגטע" (№ 2), „פאָלקספאַרטיי" (№ 4), „בונד" (№ 5), און „פועלי-ציון" (№ 7) זייַנען געדרוקט אין אידיש.

בסך הכל זייַנען אַרויסגעשטעלט געוואָרן זיבן קאַנדידאַטן-צעטלען, וועלכע האָבן ענטהאַלטן: ביַי די „צעירי-ציון"—49 קאַנדידאַטן, ביַי די „פאַראייניגטע"—80, ביי „אחדות"—60, ביַי דער „פאָלקספאַרטיי"—40, ביים „בונד"—78, ביַי די „ציוניסטן"—105 און ביַי די „פועלי-ציון"—78 קאַנדידאַטן.

III.

כמעט אין דעמזעלבן אָוונד, ווען דער נאַציאָנאַל-ראַט האָט באַטראַכט און באַשטעטיגט דעם ביודזשעט פון דער צייַטוו. נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, איז אין מיניסטאָרען-ראַט באַשלאָסן געוואָרן אָפּצושאַפן די נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלע אַווטאָנאָמיע. דער נאַציאָנאַל-ראַט האָט, נאַטירליך, געוואוסט, אַז עס ווערט צוגעגרייט אין די רעגירונגס-קרייזען אַזאַ מין אַקט. דאָך האָט דער פאָרשטעהער פונם פרעזידיום, אין וועלכן עס זייַנען ווידער צו יענער צייַט געווען פאַרטראָטן נאָר די סאָציאַליסטישע פראַקציעס, י. חורגין, אַרייַנגעטראָגן דעם ביודזשעט פון דער צייַטווייַליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאמלונג און האָט דערביַי ערקלערט, אַז דער גרונד-געדאַנק פונם פראָיעקט איז, אַז דער פאַרפאַרלאַמענט דאַרף זייַן אַ מלוכה-אַנשטאַלט און דעריבער מוזן אַלע זייַנע הוצאות געדעקט ווערן אויפן חשבון פון דער מלוכה. דער ביודזשעט האָט באַטראָפן העכער ווי פירהונדערט טויזענט רובל: די דיעטע פאַר 125 מיטגלידער פון דער צייַטוו. נאַציאָנאַלער-פאַרזאַמלונג—אויף צוויי סעסיעס (60 טעג), רייַזע-הוצאות, שכירות דעם פרעזידיום, דירה, באַלייַכטונג, באַהייצונג און אַלע הוצאות, וואָס זייַנען פאַרבונדן מיט דער נאָרמאַלער אַרבעט פונם פאַרפאַרלאַמענט און זייַנע אויספיר-אָרגאַנען. מען האָט דורכאויס געשטרעבט דערצו, אַז די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג זאָל אויספירליך באַטראַכטן און באַהאַנדלען די וויכטיגסטע פראַגען פונם אידישן לעבן. דערצו האָט זיך דער פאַרפאַרלאַמענט געדאַרפט צונויפקומען אויף 60 טעג, געטיילט אויף צוויי סעסיעס. די מיטגלידער פונם פרעזידיום האָבן זיך געזאָלט אינגאַנצן אָפּגעבן מיט דער פאָרלאַמענטאַרישער אַרבעט און באַקומען דערפאַר באַזונדערע שכירות. דער קינפטיגער פאָרזיצער האָט זאָגאַר געזאָלט באַקומען העכערע שכירות צוליב ספעציעלע הוצאות, וואָס ער האָט, אַלס דער ראש פון אַ נאַציאָנאַלער פארטרעטונג.

דער דאָזיגער ביודזשעט האָט אָבער ניט זוכה געווען פאַרווירקליכט צו ווערן — ער איז בלויז געבליבן אין די פראָטאָקאָלן פונם נאַציאָנאַל-ראַט

אַלס אַ זכר פון יענע גרויסע פּלענער, וועלכע עס האָט צו יענער צײַט געהאָט די פֿאַראייניגטע אידישע געזעלשאַפטליכקײַט אין אוקראַינע, איננם געשטאַלט פונם רעקאָנסטרואירטן נאַציאָנאַל-ראַט.

די געשעהענישן זײַנען דערווײַל געגאַנגען מיט זייער גאַנג. דעם 9-טן יולי 1918 איז בטל געוואָרן (גע'חתמ'עט דער באַפעהל) די נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלע אַווטאָנאָמיע, און דעם 13-טן יולי האָט דעם מיניסטער-פּרעזידענט ליזאָגוב'ן באַזוכט אַ דעלעגאַציע פונם פּרעזידיום פון נאַציאָנאַל-ראַט (ד״ר. זילבערפאַרב — „פֿאַראייניגטע״, ווי. לאַצקי — „פּאָלקספּאַרטיי״ און ד״ר. סלאָנים — ציוניסט), וועלכע האָט צווישן אַנדערס באַרירט אויך די לאַגע פון די קהלות, וועלכע בלײַבן איצט אָהן אַן אָנפירענדן אָרגאַן. ס'איז דעריבער נויטיג — האָט ערקלערט די דעלעגאַציע — צונויפצורופן אַ קהלות-צוזאַמענפאָר, וועלכער זאָל פון איין זײַט שאַפן אַ צענטראַלן אָרגאַן פונ'ם אוקראַינישן אידענטום און פון דער אַנדערער זײַט לעזן די דרינגענדע פראַגען פונם פראַקטישן קהלה-לעבן. דערויף האָט ליזאָגוב געענטפערט, אַז די רעגירונג וועט ערלויבען דעם קהלות-צוזאַמענפאָר אין דעם געוועהנליכן סדר, אַז זי האָט גאָר ניט בדעה צו שטערן די טעטיגקײַט פון די אָרטיגע קהלות.

דעם 16-טען יולי 1918 איז פאָרגעקומען די לעצטע עפּענטליכע זיצונג פונם נאַציאָנאַל-ראַט (זי איז צעטריבן געוואָרן דורך דײַטשע און אוקראַינישע סאָלדאַטען), אויף וועלכער מ'האָט אויסגעהערט דעם דין-וחשבון פון דער דעלעגאַציע און מ'האָט באַהאַנדעלט די געשאַפענע לאַגע. אין דער דאָזיגער זיצונג האָט זיך אויסקריסטאַליזירט דער איין-איינציגער רצון פון אַלע פראַקציעס: מיטהעלפען צונויפצורופן די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אין דער אָדער אַנדערער פאָרם.

די לעצטע בכלל זיצונג פונ'ם נאַציאָנאַל-ראַט איז פאָרגעקומען אין דער דירה פונם מיניסטעריום. אויסער די מיטגלידער פון נאַציאָנאַל-ראַט זײַנען צוגעלאָזן געוואָרן נאָר פֿאָרשטעהער פון דער פּרעסע. נאָך דעם, ווי ס'איז אָנגענומען געוואָרן די פּראָטעסט-רעזאָליוציע געגען מבטל זיין די אַווטאָנאָמיע, איז באַשלאָסן געוואָרן צונויפרופן די צײַטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג דעם 6-טען אַווגוסט 1918, ד. ה. אין צוויי וואָכן אַרום נאָך דעם לעצטן טאָג פון די וואַלן. ווײַטער איז אויסגעאַרבעט געוואָרן פאָלגענדע רשימה פון געזעץ-פּראָיעקטן, וועלכע האָבן געזאָלט צוגעשטעלט ווערן דער צײַטווײַליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג:

1) סטאַטוט פון אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד;
2) געזעץ-פּראָיעקט וועגן די פינאַנציעלע יסודות פון די קהלות;
3) געזעץ-פּראָיעקט וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון דער קהלה;
4) געזעץ-פּראָיעקט וועגן דער קאָמפּעטענץ פון דער קהלה;
5) געזעץ-פּראָיעקט וועגן מעטריקאַציע;
6) געזעץ-פּראָיעקט וועגן די אויסערע רעכט פון די אידישע שפּראַכען.

אַלע פּאָליטישע פראַגען זײַנען בכיון אַראָפּגענומען געוואָרן פון סדר-היום, כדי לײַכטער צו מאַכן די לעגאַליזאַציע פון דעם פאַרפּאַרלאַמענט. עס איז זאָגאַר געווען אַ פּאָרשלאַג פון אַ ספּעציעלער קאָמיסיע, אין וועלכער עס זײַנען געווען פאָרשטעהער פון ציוניסטן, „פאַראייניגטע“ און „פאָלקספּאַרטײַ“, צו ענדערן צוליב די זעלבע טעמים דעם נאָמען פונם פאַרפּאַרלאַמענט אויף „אידישער נאַציאָנאַל-ראַט“ אָדער „פאַרזאַמלונג פון פאָרשטעהער פון אידישע קהלות“. דער פאָרשלאַג איז איבערגעגעבן געוואָרן צו באַטראַכטן אין די פראַקציעס, נאָר אַזוי ווי ס'איז מער קײַן זיצונגען פונם נאַציאָנאַל-ראַט ניט פאָרגעקומען, איז די פראַגע ניט באַטראַכט געוואָרן בכלל.

דער פּרעזידיום פונם נאַציאָנאַל-ראַט האָט נאָך געהאַט אייניגע זיצונגען. נאָך דערנאָך, ווען ס'איז ליקווידירט געוואָרען דאָס אידישע מיניסטעריום, איז פון אַלע אינסטיטוציעס, וואָס זײַנען געשאַפן געוואָרן אין משך פון 15—16 חדשים, געבליבן נאָר דאָס הויפּט-וואַל-ביוראָ, וועלכע האָט פאָרט-געזעצט זײַן אַרבײַט אין דער דירה פון דער קיעווער קהלה.

## IV.

אַזוי ווי דער קיעווער קהלה-ראַט האָט נאָך דעם 8-טן מאַי 1918 אָנגענומען אַ רעזאָליוציע „צונויפצורופן, אין קאָנטאַקט מיט דעם נאַציאָנאַל-ראַט, אויב ער וועט רעקאָנסטרואירט ווערן אויף יסודות, וואָס אנטשפּרעכן די כחות פאַרהעלטעניש אינם אידישן פאָלק, אַ צוזאַמענפאָר פון די קהלות פון אוקראַינע“*) און אַזוי ווי דער נאַציאָנאַל-ראַט איז פאַקטיש בטל געוואָרען, האָט דער פּרעזידיום פון דער קיעווער קהלה גענומען אויף זיך די איניציאַטיוו צו פועל'ן ביי דער רעגירונג, זי זאָל ערלויבען אַ צוזאַמענפאָר פון קהלות.

דער 27-טן אַווגוסט האָט אַ דעפּוטאַציע פון דעם קיעווער קהלה-ראַט (מ. נ. סירקין, י. אַלעשקאָווסקי און ח. רובינטשיק) דעם צווייטן מאָל באַזוכט דעם מיניסטער פאַר אינערליכע ענינים א. קיסטיאַקאָווסקי און געבעטן צו ערלויבן דעם צוזאַמענפאָר, וועגן וועלכן מ'האָט מיט אים שוין גערעדט דעם 19-טען אַווגוסט (אַ געמישטע דעפּוטאַציע פון נאַציאָנאַל-ראַט און פון קיעווער קהלה). נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם באַשטאַנד און פּראָגראַם, האָט קיסטיאַקאָווסקי ענדליך ערקלערט, אַז ער וועט ערלויבן דעם צוזאַמענפאָר סוף סענטיאַבר אָדער אין אינהויב נאָיאַבר, נאָר מיט דעם תּנאי, אַז די ענינים פון דעם סדר-היום זאָלן אַרומנעמען ספּעציעל פראַגן פון אינ-וועניגסטן אויפבוי פון די אידישע קהלות; אַלגעמיינע פּאָליטישע פראַגען טאָרן ניט דערלאָזן ווערן.

*) דער דאָזיגער צוזאמענפאָר האָט געזאָלט פארנעמען זיך מיט פראַקטישע ווירטשאַפט-ליכע און אדמיניסטראַטיווע פראַגען פון קהלה-לעבן און אויסטיילען פון זיך אַ פּאָליטישע פאָרטרעטונג פון די אידע, אויף אוקראַינע—ביז דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג.

אין אַ פּאָר טעג אַרום (דעם 2 סענטיאַבער) איז פּאָרגעקומען אַ זיצונג פון דעם קיעווער קהלה-ראַט, אויף וועלכער ס׳איז געשטעלט געוואָרן אינם סדר-היום די פראַגע וועגן דעם צוזאַמענפאָר פון אידישע קהלות אין אוקראַינע. דער פאָרשטעהער פון דער פראַקציע „בונד״ מ. ראַפעס האָט געמאַכט דעם פאָלגענדן פאָרשלאַג:

„1) צוליב דער געשאַפענער סיטואַציע באַשטימט דער קיעווער קהלה-ראַט צו נעמען אויף זיך די גאַנצע פארבערייטונגס-אַרבעט צום קהלות-צוזאַמענפאָר, ווי אויך אָנצונעמען די געהעריגע טריט, אַז דער צוזאַמענפאָר זאָל וואָס גיכער צונויפגערופן ווערן;

2) ביי דער קיעווער קהלה ווערט געבילדעט אַן אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט אויף צונויפרופן דעם קהלות-צוזאַמענפאָר אין דער צאָל פון 25 מאַן, אין וועלכן אַלע פראַקציעס זיינען פּראָפּאָרציאָנעל פאַרטראָטן לויט די רעזולטאַטן פון די וואַלן צום קהלות-צוזאַמענפאָר (פּאָרפאַרלאַמענט)״.

דער דאָזיגער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן מיט דער איינציגער ענדערונג, אַז אין קאָמיטעט געהען אַריין אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות פאָרשטעהער פון די פראַקציעס, וואָס זיינען פאַרטראָטן אין פּאָרפאַרלאַמענט גופא. אַזוי ווי די וואַלן צו דער צייטווייליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג זיינען געווען כמעט אומעטום פארענדיגט, זיינען די ערטער אינ׳ם אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט פאַרטיילט געוואָרן, לויט דעם לפי-ערכ׳דיגן חשבון, אין פאָלגענדער פּראָפּאָרציע: ציוניסטן—8, „בונד״—5, „אחדות״—4, „צעירי-ציון״—3, „פאַראייניגטע״—2, „פּועלי-ציון״—2 און „פאָלקספּאַרטיי״—1.

די ערשטע זיצונג פונם אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט איז פּאָרגעקומען דעם 11 סענטיאַבר 1918. אַלע פראַקציעס האָבן געשיקט זייערע פּאָרשטעהער. עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אַן אויספיר-ביוראָ: פאָרזיצער — מ. נ. סירקין, ביי־זיצער—מ. ראַפעס, ווי אויך אַ רייהע קאָמיסיעס (טעכנישע, יורידישע און אַזוי ווייטער). כדי צו דעקן די לויפענדע הוצאות איז אָנגענומען אַ ביודזשעט פון 20 טויזענט רובל, וועלכע האָבן געזאָלט אויפגעמאָנט ווערן פון די גרעסערע קהלות אין אוקראַינע. די ערעפענונג פונ׳ם צוזאַמענפאָר איז באַשטימט געוואָרן אויף דעם 15 אָקטיאַבר. לסוף איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרן אויסצואַרבעטן און פאָרשלאָגן דעם צוזאַמענפאָר פאָלגענדע געזעץ-פּראָיעקטן:

1) נאָרמאַלער סטאַטוט פון די קהלות;
2) געזעץ-פּראָיעקט וועגן צוואַנג-שטייער;
3) תקנות פאַר דער אינערליכער אַרבעט פון די קהלות;
4) געזעץ-פּראָיעקט וועגן אַ פאַרבאַנד פון די קהלות, זיינע רעכט, פונקציעס און באַציהונגען צו די צענטראַלע אָרגאַנען פון דער מלוכה-מאַכט;
5) ראַבינאַט און מעטריקאַציע;
6) פראַגען וועגן קאָראָבקע-אָפּצאָל;

7) די רעעוואַקואַציע פון די היימלאָזע און די בילדונג פון ספעציעלע אינסטיטוטען דערצו.

אויסער דעם דאַרפן געהאַלטן ווערן פאָרטראָגן איבער פאָלגענדע לויפענדע פראַגען פון קהלה-אַרבעט: א) עקאָנאָמישע, 2) קולטורעלע, ג) מעדי-ציניש-סאַניטאַרע אַרבעט און ד) סטאַטיסטיק.

נאָך אַ הפסקה פון פינף וואָכן איז מען, אַלזא, ווידער צוגעטראָטן צו דער אַרבעט — צו רעאַליזירען דעם באַשלוס פונם נאַציאָנאַל-ראַט צונויפ-צורופן די צייטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. דעם אָרט פון נאַציאָנאַל-ראַט האָט איצט פאַרנומען דער אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט, וועלכער האָט געמוזט, רעכענענדיג זיך מיט די באַדינגונגען, רעדן און שרייבן וועגן אַ „צוזאַמענפאָר פון די קהלות", הגם סיי דער באַשטאַנד און סיי דאָס פראָגראַם זיינען געווען די זעלבע, ווי פון דער צייטווייליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. אנשטאָט הילף פון מלוכה-קוועלן האָט מען זיך געמוזט ווענדן צו די קהלות זעלבסט, און דעם אָרט פון באַאַמטע האָבן פאַרנומען געזעלשאַפטליכע טוער.

ס'איז כדאי דאָ צו דערמאָנען נאָך איין שנוי: אויף דער זיצונג פון אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט אונטערן פאָרזיץ פון מ. ראַפּעס (18 דעקאַבר 1918) האָט מען באַשלאָסן צו באַשטעלן שטעמפּעלן, בריף-בויגן א. א. וו. אין ביידע שפּראַכען, אידיש און העברעאיש. אויך אַלע בריוו, ווענדונגען און פּראָטאָקאָלן זיינען פון איצט אָן געשריבן געוואָרן אין ביידע שפּראַכען, בשעת פריהער,אינ'ם נאַציאָנאַל-ראַט, איז די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ געפירט געוואָרן בלויז אין אידיש.

צו באַקומען די ערלויבעניש אויף צונויפרופן דעם צוזאַמענפאָר איז, ניט קוקענדיג אויף די הבטחות פון קיסטיאַקאָווסקי, דאָך געווען ניט אַזוי לייכט. דערצו האָט זיך נאָך אָנגעהויבן אַ אינעווייניגסטער קריזיס אין דער רעגירונג, וואָס האָט, נאַטירליך, געשטערט די פאַרהאַנדלונגען מיט דעם מיניסטער פאַר אינערליכע ענינים.

די אַלגעמיינע פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד און אין אייראָפּע, די נאָהענט-קייט פון שלום, די וואַקסענדע רעוואָליוציאָנערע שטימונג אין דייטשלאַנד און אוקראַינע האָבן אָבער דרינגענד געפאָדערט, אַז עס זאָל וואָס גיכער באַשאַפן ווערן אַ באַרופענער פאַרטרעטער פון דעם אידישן פאָלק אין אוקראַינע, וואָס זאָל קאָנען האָבן דאָס רעכט צו רעדן אין נאמען פונם אוקראַינישן אידענטום.

לויט דער בקשה פון אייניגע פראַקציעס האָט דאָס אויספיר-ביוראָ צו-נויפגערופן אַ פּלענאַרע זיצונג פון דעם אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט צו באַטראַכטן די פּאָליטישע לאַגע, כדי, אפשר, תכף צו שאַפן אין דער אָדער אַנדערער פאָרם אַ צייטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַרטרעטונג—ביז ס'וועט צונויפגערופן ווערן דער צוזאַמענפאָר פון די קהלות. די „פּועלי-ציון" האָבן פאָרגעלעגט, אַז דער

אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט גופא, וועלכער איז צונויפגעשטעלט אויף פּראָפּאָר-ציאָנעלע יסודות, זאָל איבערנעמען די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרטרעטערשאַפט, פאַרבינדן זיך מיט אויסלאַנד און זאָרגן וועגן דעם שוץ פון אידישע פּאָליטישע אינטערעסן. די ציוניסטן האָבּען פאָרגעשלאָגן צו שאַפן אַ ספּעציעלן „נאַציאָנאַלן קאָמיטעט”, וואָס זאָל זיין צוזאַמענגעשטעלט לויט דער זעלבער פּראָפּאָרציע, ווי דער פאָרפאַרלאַמענט, און באַשטעהן פון 25 מאַן. די אַרבעט פאַר דעם צוזאַמענפאָר זאָל אָבער גלייכצייטיג אומגעשטערט פאָרטגעזעצט ווערן אינם פריהערדיגן אופן.

די פראַגע איז באַהאַנדעלט געוואָרן אויף צוויי זיצונגען (דעם 14 און 19 אָקטאָבער 1918) — נאָך צוליב חלוקי דעות איז מען ניט געקומען צו אַן אויסגלייך, און די פראַגע איז אָפּגעלעגט געוואָרן אויף אַ דריטער זיצונג. ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז פאָרשטעהער פון אַלע פראַקציעס האָבּן גע-רעכענט, אַז עס מוז געוויס געשאַפן ווערן אַזאַ אָרגאַן, נאָר מען האָט געצווייפעלט, צי ס'איז כדאי צו גרינדן נייַע אַנשטאַלטן ערב דעם קהלות-צוזאַמענפאָר.

דערווייל איז אין דער אוקראַינישער רעגירונג געוואַקסן דער קריזיס. מען איז געשטאַנען ערב נייַע געשעהנישן. ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז מען טאָר מער ניט וואַרטן מיטן צוזאַמענפאָר און מען מוז די רעגירונג שטעלן פאַר אַ געשעהענעם פאַקט. לויט דעם פאָרשלאַג פון דער „פאָלקספּאַרטיי”, וועלכער איז אונטערשטיצט געוואָרן דורך די ציוניסטישע פראַקציעס, האט דער אָרגאַ-ניזאַציאָנס-קאָמיטעט אויף זיין זיצונג 21 אָקטאָבער באַשטימט צונויפ-צורופן די צייטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג דעם 3-טען נאָיאַבּר, ניט וואַרטענדיג אויף דער ערלויבעניש פון דער רעגירונג. און אז די סעסיע זאָל דויערן פינף טעג.

די אויסגעוועהלטע דעפּוטאַטן דאַרפן צונויפגערופן ווערן טעלעג-ראַפיש און די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג זאָל זיך עפענען אַפילו אין דעם פאַל, ווען די ערלויבעניש וועט צו דער צייט נאָך ניט זיין. נאַטירליך איז אונטער-שטריכן געוואָרן, אַז מען מוז אָננעמען ווייטערע ענערגישע שריט, כדי די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג זאָל פאָרט קאָנען פונקציאָנירען לעגאַל און גע-זעצליך, נאָר די רעגירונג דאַרף אויפמערקזאַם געמאַכט ווערן אויף דעם באַ-שלוס פון דעם אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט.

גלייכצייטיג מיט דער דאָזיגער אַנטשיידענער החלטה פונם אָרגאַניזאַ-אָנס-קאָמיטעט האָט זיך איבערגעביטען אויך דער כאַראַקטער פון דער גאַנצער אַרבעט: דעם אָרט פונם „קהלות-צוזאַמענפאָר” האָט ווידער פאַרנומען די „צייטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג”, הגם אין דער בקשה צו דער רעגירונג איז נאָך געבּליבן דער אַלטער נאָמען, אָבער אין דער ערלויבעניש פון דער דייטשער קאָמענדאַנטור איז שוין גערעדט געוואָרען אפען וועגן דער „אידי-שער צייטווייליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג”.

דער באַשלוס פון דעם ארגאַניזאַציאנס-קאמיטעט איז פאַרעפענטליכט געווארן דעם 23-טן, די טעלעגראַמען צו די דעפוטאַטן זײַנען אפגעשיקט געווארן דעם 24-טן, די ערלויבעניש פון דער רעגירונג איז אבער געגעבן געווארן ערשט דעם 28-טן אקטאבר.

פאַר דער שטימונג, וואס האט דאַן געהערשט אין די אידישע פּאליטישע קרײַזן, און פאַר דער באַציהונג צום פארפאַרלאַמענט מצד די סאצאליסטישע גרופּן זײַנען כאַראַקטעריסטיש די פאלגענדע שורות פונם אפיציעלן ארגאַן פון די „פאַראייניגטע" — „נײַע צײַט":

„דאָס צונויפקומען זיך איצט פון דער צייטווייליגער אידישער נאַציאָנאַ-לער פאַרזאַמלונג איז אַ געשעהעניש פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. וויכטיג איז שוין דער פאַקט אַליין, וואָס ניט וועגן קהלות-צוזאַמענפאָר מיט זיין געצוואונגען באַגרעניצטער פראָגראַם איז איצט די רייד, נאָר וועגן דער צייטווייליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין איר אמת'ער געשטאַלט, ווי ס'האָט זי פאָראויסגעזעהן דער צייטווייליגער אידישער נאַציאָנאַל־ראַט אויף זיינע זיצונגען פון אַפּריל 1918, ווען ער האָט עקזעסטירט אַלס-לעגאַלע מלוכה-אַנשטאַלט." (נומר 196, יאַר 1918.)

סוף אָקטאָבּר האָט זיך שוין קאָנסטרואירט אַ סעניאָרן-קאָנווענט, אין וועלכן עס זיינען אריין דעפּוטאַטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין קיעוו, און דער דאָזיגער סעניאָרן-קאָנווענט האָט אָנגעמערקט דעם ארבייטס-פּלאַן פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. די חלוקי-דעות זיינען געווען ניט אַרום דעם, וועלכע פראַגען מען זאָל באַהאַנדלען אין משך פון די קורצע פינף טעג, וואָס האָבן זיך געפונען אין רשות פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג, נאָר דערהויפּט וועגן דעם. וואָסערע פראַגן זאָלן באַטראַכט ווערן פריהער און וואָסערע שפּעטער. איינשטימיג איז אָבער באַשלאָסן געוואָרן, אַז סיי די פראגע וועגן דער אווטאָנאָמיע אין אוקראינע אַזוי אויך „דער שלום-קאָנגרעס און די אידן-פראַגע"—ביידע פראַגען דאַרפן געשטעלט ווערן. אין דעם איז באַשטאַנען דער חלוק צווישן דעם נייעם סדר-היום פון יענעם, וועלכער איז אָנגענומען אין סענטיאַבר.

כדי צוגעבן דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג דעם כאַראַקטער פון אַ פּאַרלאַמענט, האָט מען זיך אָפּגעזאָגט פון דער פּאַרטײַ-סיסטעם, וואָס פּראַקטיקירט זיך אויף צוזאַמענפאָרן, און מ'האָט באַשלאָסן, אַז פראַקציעס, וואָס האָבן צו מאַכן פאָרשלאַגן אָדער טראָגן אריין געזעץ-פּראָיעקטן אָדער רעזאָליוציעס, האָבן דאָס ערשטע וואָרט, כדי צו באַגרינדן זיי; אַלע איבעריגע פראַקציעס האָבן דאָס רעכט אַרויסצוזאָגן זיך וועגן דעם ענין, וועלכער ווערט נאָך דער גענעראַל-דעבאַטע איבערגעגעבן אין אַ קאָמיסיע.

דעם 28-טן אָקטאָבּער איז פאָרגעקומען די שלוס-זיצונג פונ'ם הויפּט-וואַל-ביוראָ, וועלכע האָט איבערגעקוקט די געשעפט-פירונג פון די אָרטיגע וואַל-ביוראָס אין 168 קהלות און באַשלאָסן:

„1) די וואַהלן אין דער קהלה קאָנסטאַנטינאָגראַד, פּאָלטאַווער גובערניע, באַטראַכטן אומגילטיג צוליב סבות, וועלכע זיינען אָנגעוויזן אין דער טאַבעלע נאָמ. 4.

2) די וואַלן אין די קהלות וואַרוואַראווקע, באַחמאַטש, יוזשנאָגראַד, זאַחאריעווסק, טיראַספּאָל, אטשאַקאוו,— ניט בארעכענען, ווייל עס פעהלט די געשעפטספירונג פון וואַלן אין די קהלות און די איבריגע נויטיגע ידיעות.

3) די וואלן אין אַלע איבריגע קהלות (בסך הכל הונדערט איין און זעכציג) אַנערקענען פאר גילטיג".

אויפן גרונד פון די וואַל-רעזולטאטן אין די קהלות, וואָס זיינען אָנגעוויזן אין פונקט 3, שטעלט פעסט דאָס הויפּט-וואַהל-ביוראָ, אַז עס ווערען אנערקענט פאר גילטיג בסך הכל די שטימען פון 3565 ראַטמענער, וואָס פאַרטרעטען 209 128 שטימען ביי די וואלן צו די קהלות.

פון דער דערמאָנטער אָנגעוויזענער צאָל שטימען זיינען אָבגעגעבן געוואָרן: פאַרן צעטל נומ. 1 — 23 851 שטימען; נומ. 2 — 19 684 שטימען; נומ. 3 — 31 565 שט.; נומ. 4 — 13 14 שט.; נומ. 5 — 37 704 שט.; נומ. 6 — 70 584 שט.; נומ. 7 — 18 416 שטימען.

אויף דעם סמך שטעלט פעסט דאָס הויפּט-וואַל-ביוראָ, אַז דער צעטל נומ. 1 האָט דאָס רעכט פאָרגעשטעלט צו ווערן אין דער צייטווייליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג דורך 14 דעפּוטאַטן, נומ. 2 — 12, נומ. 3 — 19, נומ. 4 — 4, נומ. 5 — 23, נומ. 6—42, נומ. 7—11 דעפּוטאטן.

דער אָריגינאַל פון פּראָטאָקאָל איז גע'התמ'עט פון פאָלגענדע מיטגלידער פון הויפּט-וואַל-ביורא: ל. עטקין („בונד"), מ. גראָסמאַן (ציוניסט), ז. טראַוב (ציוניסט), י. ברעגמאַן („פאַראייניגטע") און י. גאַנאָפּאָלסקי („פּועלי-ציון").

דער דאָזיגער פּראָטאָקאָל איז איבערגעלייענט געוואָרן אויף דער ערשטער זיצונג פון דער צייטווייליגער נאציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און איז פון איר איינשטימיג באַשטעטיגט געוואָרן. דערמיט איז באַשטימט געוואָרן דער געזעצליכער באַשטאַנד פון דער צייטווייליגער איד. נאַצ. פאַרזאַמלונג אין אוקראַינע.

## V.

די פראַגע וועגן אַ העכסטען אויספיר-אָרגאַן פון דער אידישער-אווטאָנאָמיע, וועגן זיינע פאָרמען, פונקציעס און רעכט, איז ביז דער צייטווייליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג ניט געווען גענוי באַשטימט. דאָס מיניסטעריום פאַר אידישע ענינים איז געשאַפען געוואָרן ניט אין אנ'אָרגאַנישען צונויפבונד מיט דעם געזעץ וועגן נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אווטאָנאָמיע אָדער וועלכער-עס-איז אַנדערער פאַראָרדנונג פון דער מלוכה-מאַכט אָדער מלוכה-אַנשטאַלט. דער אַנטוויקלונג-גאַנג פון „וויצע-סעקרעטאַריאַט" ביז „מיניסטעריום" איז ניט געווען אַ פּועל-יוצא פון אַן אינווענייגער אָרגאַנישער עוואָלוציע, וועלכע

האָט זיך סומך געווען אויף די אָדער אַנדערע באַשלוסען פון אַ נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד; ער איז דורגעמאַכט געוואָרן גאַנץ אווטאמאַטיש, אַלס אַ רעזול-טאַט פון די אַלגעמיינע „אוניווערסאַלן", וואָס די ראַדע האָט אַרויסגעגעבן, ענדערענדיג די מלוכה־פאָרמען פון אוקראַינע. נאָכן דריטן „אוניווערסאַל" איז דער „וויצע-סעקרעטאַריאַט" פאַרוואנדעלט געוואָרן אין אַ „גענעראַל-סעקרעטאַריאַט" און נאָכ'ן פערטן „אוניווערסאַל"—אין „פאָלקס-מיניסטעריום פאַר אידישע ענינים."

אינם געזעץ וועגן נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע גופא געפינען מיר בנוגע דעם אויספיר-אָרגאַן בלויז פאָלגענדן זאַץ אינ'ם אַרטיקעל 9:

„דער העכסטער אויספיר־אָרגאַן פונ'ם (נאַציאָנאַלן) פאַרבאַנד איז דער נ אַ צ י-אָ נ אַ ל-ר אַ ט, וועלכער ווערט אויסגעקליבן פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און איז פאַר איר פאַראַנטוואָרטליך."

וועגן אַ מיניסטעריום אָדער גענעראַל-סעקרעטאַריאַט ווערט דאָ ערגעץ-ניט דערמאַנט.

דאָס זעלבע זעהען מיר אויך אין דעם „סטאַטוט פון דער צייטווייליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג". דער אַרטיקל 6 זאָגט:

„כדי אויסצופירן און פאַרווירקליכן אירע החלטות און באַשטימונגען, וועהלט אויס די צייטווייליגע אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אויפ'ן גרונט פון אַרט. 9 פונ'ם דערמאַנטן געזעץ פון 9 יאַנוואַר 1918 דעם אידישן נאַציאָנאַל-ראַט, שטעלט איין דעם סדר פון איר אייגענער טעטיגקייט און באַשטימט אויך די רעכט, התחייבות און טעטיגקייט-סדר פונ'ם אידישן נאַציאָנאַל-ראַט."

אַן אויסגעוועהלטער אידישער נאַציאָנאַל-ראַט האָט, אַלזאָ, לויט דעם באַשיינפערליכן זין פונ'ם געזעץ, געדאַרפט אָנפירן מיט אַלע ענינים פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן-פאַרבאַנד. דאָס מיניסטעריום איז געווען בלויז אַ צייטווייליגער אויספיר-אָרגאַן. אַזוי האָט אויף דעם געקוקט אויך דאָס אידישע מיניס-טעריום, וועלכעס האָט געשריבן אין זיין מעמאָראַנדום, וואָס איז אין יוני (יולי?) 1918 דערלאַנגט געוואָרען דעם מיניסטאָרן-ראַט:

„ס'איז גאַנץ פאַרשטענדליך, אַז ווען ס'וועלן געשאַפן ווערן די צענטראַלע פאַרטרעטונגס-אָרגאַנען פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע (די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, דער אידישער נאַציאָנאַלער ראַט), וועלן זיי אַליין פון זיך אויסבילדן אַ געהעריגן אַדמיניסטראַטיוון אויספירענדיגן אָרגאַן. נאָך מער, אַזוי ווי ס'ווייזט זיך ניט אַרויס פאַר מעגליך צונויפצורופן אין דער נאָהענסטער צוקונפט די דערמאנטע פאַרטרעטונגס־אָרגאַנען אויף ריכטיגע יסודות, האָט דאָס מיניסטעריום צוגעגרייט איצט אַ געזעץ-פּראָיעקט וועגן אַ צייטווייליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וועלכע זאָל געבויט זיין אויפ'ן פּרינציפּ פון פאַרשטעהערשאַפט פ̇ון די אידישע קהלה-ראַטן.

דער דאָזיגער אָרגאַן, וועלכער וועט ווערן צונויפגערופן אין משך פון די קומענדיגע וואָכן, וועט אויסטיילן פון זיך אַן אינסטיטוט, צו וועלכן עס וועט איבערגעהן דער גרעסטער טייל פון די פונקציעס פון אידישן מיניסטעריום און פון זיין אַפּאַראַט." *)

ס'איז אויך געווען די מיינונג פון אַלע פראַקציעס אינ'ם נאַציאָנאַל-ראַט, אַז די צייטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג דאַרף שאַפן דעם ערשטן געוועהלטן אויספיר-אָרגאַן פון דער אַווטאָנאָמיע, וועלכער וועט האָבן אַלע פונקציעס פונ'ם אידישן מיניסטעריום. ביים באַהאַנדלען דעם סטאַטוט פון דעם פאַר-פאַרלאַמענט האבן די ציוניסטן אַפילו אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאַג, אַז דער דאָזיגער אָרגאן זאָל הייסן „נאַציאָנאַל-ועד," נאָר דער פאָרשלאַג איז ניט אָנגענומען געוואָרן.

הגם די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג איז זיך צונויפגעקומען אין דער צייט, ווען די אַווטאָנאָמיע און דאָס מיניסטעריום זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרן, האָבן דאָך אַלע פראַקציעס גערעכענט, אַז עס ווערט פאָרטגעזעצט די אַרבעט אין דער זעלבער ריכטונג, ווי פריהער, אַז אַלע געזעצן ווערן אויסגעאַר-בעט און אינסטיטוציעס ווערן געשאַפן אויפ'ן יסוד פון דעם געזעץ וועגן דער נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע און דעם סטאַטוט פון דעם פאַר-פאַרלאַמענט. ס'מוז אויך געשאַפן ווערן אַ צענטראַלער אויספיר-אָרגאַן, וואָס זאָל דערווייל, כל זמן די אווטאָנאָמיע איז אָפּגעשאַפט, ערפילן די אויפגאַבע פון אַ פּריוואַט-רעכטליכער אינסטיטוציע אָדער אַ צענטראַלן אָרגאַן פון די קהלות, און דערנאָך, ווען די אַווטאָנאָמיע וועט אויפגעשטעלט ווערן, וועט ער ערפילן די פליכטן פון יענעם אויספיר-אָרגאַן, וואָס איז פאָראויסגעזעהן אינ'ם אַרטיקל 9 פונ'ם געזעץ וועגן דער אַווטאָנאָמיע און אינ'ם אַרטיקל 6 פונ'ם סטאַטוט.

די געזעצגעבערישע קאָמיסיע פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג האָט זיך מיט דעם אַלעמען גערעכנט און האָט אויסגעאַרבעט א קורצן געזעץ-פּראָעקט וועגן אַן אויספיר-אָרגאַן, וועלכער האָט געזאָלט באַשטעהן פון 12 מאַן. דער צענטראַלער אויספיר-אָרגאַן איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער גרויסער און קליינער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. סיי אין דער קאָמיסיע, וואו דער פּראָעקט איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרן, אַזוי אויך אין פלענום פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג, דעם 10 נאָיאַבר, איז פאַר אַלעמען קלאָר געווען, אַז עס האַנדעלט זיך דא וועגן דעם העכסטן אויספיר-אָרגאַן פון דער אַווטאָנאָמיע, וועלכער איז פאָראויסגעזעהן אין די אַנטשפּרעכענדע געזעצן און סטאַטוטן. עס איז זאגאַר באַשטימט געוואָרן, אַז ער ווערט געשאַפן אויף פּראָפּאָרציאָנעלע יסודות. חלוק, דעות אויף דער זיצונג פונ'ם 10 נאָיאַבר האָט בלויז אַרויסגערופן

*) ד״ר. מ. זילבערפאַרב, „דאָס אידישע מיניסטעריום," ז. 22 פון די ביילאַגעס.

די פראַגע וועגן דעם, ווי אַזוי מען זאָל אָנרופן דעם דאָזיגן אויספיר-אָרגאַן. עס זיינען פאָרגעשלאָגן געוואָרן: „נאַציאָנאַלער ועד,“ „ועד הפועל הלאומי“, „נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט.“ סוף כל סוף איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער אויספיר-אָרגאַן זאָל הייסן: „ועד הפועל הלאומי“—אויף העברעאיש און „נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט“—אויף אידיש.

קיין באַזונדערע וכוחים אַרום דער דאָזיגער פראַגע זיינען ניט פאָרגעקומען. דער יורידישער מקור און די פונקציעס פון דעם „נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט“ זיינען געוועזן פאַר אַלעמען קלאָר און מ'האָט גערעכענט, אַז אין אים וועלן אַריינטרעטן פאָרשטעהער פון אַלע פראַקציעס.

ערשט אויף דער לעצטער זיצונג, דעם 11-טן נאָיאַבר, וואו ס'איז אויסגעקליבן געוואָרן די שלום-דעלעגאַציע, אין וועלכער די פאָרשטעהער פון „בונד“, „פועלי ציון“, „פאַראייניגטע“ און „פאָלקספאַרטיי“ זיינען ניט אַריין, אין הסכם מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אונטער-שטיצן די רעזאָליוציע, וועלכע די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען,— האָבן די אויבנדערמאַנטע פאַרטייען ערקלערט, אַז זיי געהען ניט אַריין אינ'ם נאַציאָנאַלן-סעקרעטאַריאַט, ווייל „די מערהייט רעכענט זיך ניט מיט דער מינדערהייט“ און „די אידעע פון קאָאַליציע האָט באַנקראָטירט.“

צוליב דער דאָזיגער ערקלערונג, איז אין לעצטן מאָמענט באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט זאָלן באַשטעהן דערווייל פון 7 מיטגלידער, און עס זיינען אויסגעוועהלט געוואָרן די ה״ה: י. אַלעשקאָווסקי, י. בערמאַן, י. גרינפעלד, פּ. כהן, א. קליינמאַן, א. קאַפּלאַן און מ. שוואַרצמאַן.

אין פינף וואָכן אַרום, דעם 16 דעקאַבר 1918, איז אין וויניצע פון דער רעפּובליקאַנער דירעקטאָריע אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, לויט וועלכן עס ווערט צוריק אויפגעשטעלט דער געזעץ וועגן נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע. אין הסכם דערמיט האָבן אויך באַקומען אַ געזעצליכע קראַפט די החלטות פון דער צייטווייליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרן אויפ'ן יסוד פון דעם געזעץ פון 9-טן יאַנוואַר. די פונק-ציעס פון דעם נאַציאָנאַל-ראַט, וואָס איז פאָרויסגעזעהן אינ'ם אַרטיקל 9 פון דעם געזעץ, האָבן געזאָלט אַריבערגעהן צום אויסגעוועהלטן נאַציאָנאַלן סעק-רעטאַריאַט, וועלכער האָט וועגן דעם געמאלדן דער דירעקטאָריע.

# צו דער שטאַטס-סעקרעטאַר פראַגע.

(אַ פאָרטראַג פון מ. פאַסטאַן אין דער יורידישער קאָמיסיע ביים נאַצ. סעקרעטאַריאַט).

.I

דעם 1-טן יולי 1917 האָט די אוקראַינישע צענטראַלע ראַדע אויסגעקליבן די ערשטע נאַציאָנאַלע וויצע-סעקרעטאַרן — פאַר אידישע און פוילישע ענינים — און דעם 22-טן יולי האָט דער גענעראַל-סעקרעטאַריאַט פון אוקראַינע „גענומען צו קענטניש" די אינסטרוקציע פאַר די וויצע-סעקרעטאַרן, וואָס איז אויסגעאַרבעט און באַשטעטיגט געוואָרן פונם גענעראַל-סעקרעטאַר פאַר צווישן-נאַציאָנאַלע ענינים. אין דער דאָזיגער אינסטרוקציע ווערן די אויפגאַבן און פונקציעס פון די נאַציאָנאַלע וויצע-סעקרעטאַרן, וועלכע זיינען אינגיכן באַשטימט געוואָרן אַלס גענעראַל-סעקרעטאַרן און שפּעטער אַלס מיניסטאָרן, פאָרמולירט אויפן פאָלגענדן אופן:

§ 1. „דער אַמט פון וויצע-סעקרעטאַר פאַר נאַציאָנאַלע ענינים ווערט געגרינדעט דערויף, צו שיצן די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן פון אוקראַינע און אָפּהיטן די אַנטוויקלונגס-פרייהייט פון זייער אינווייניגסטן נאַציאָנאַלן לעבן".

דער צווייטער פּאַראַגראַף באַשטימט דעם קרייז פון ענינים, וואָס געהערן צום רשות פון וויצע-סעקרעטאַר, דער דריטער שטעלט פעסט דעם גאַנג פון די געזעץ-פּראָיעקטן און אדמיניסטראַטיווע פאַראָרדנונגען, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט דורך די וויצע-סעקרעטאַרן, און דער פערטער באַשטימט, אַז: „קיין שום פאַראָרדנונג, וועלכע איז נוגע דעם אינווייניגסטן לעבן פון דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט, טאָר ניט ארויסגעגעבן ווערן אָהן דעם וויסן פונם וויצע-סעקרעטאַר און פאַרעפענטליכט ווערן אָהן זיין אונטערשריפט". אינם אַכטן פּאַראגראַף ווערט פאָרמולירט די באַציהונג צווישן די וויצע-סעקרעטאַרן און די געבילדעטע נאַציאָנאַלע ראַטן, וועלכע באַזיצן באַראַטונגס-רעכט. צו די נאַציאָנאַל-ראַטן דאַרפן ווערן „צוגעשטעלט אויף באַטראַכטן אַלע וויכטיגע מיטל-אָננעמונגען, וואָס זיינען נוגע דעם אינווייניגסטן לעבן פון דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט".

די נאַציאָנאַלע וויצע-סעקרעטאַרן איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו באַטייליגן זיך אין די זיצונגען פונם גענעראַל-סעקרעטאַריאַט, יעדן פון זיי מיט באַשטימונגס-רעכט אין פראַגען, וואָס זיינען נוגע זיין נאַציע, און מיט בעראַטונגס-רעכט אין אַלע איבעריגע פראַגען. ס'איז ווייטער באַשלאָסן געוואָרן, אַז די וויצע-סעקרעטאַרן ווערן באַשטימט ניט פונם גענעראַל-סעקרעטאַריאַט, ווי וויצע-סעקרעטאַרן בכלל, נאָר פון דער ראַדע גופא אין דעם זעלבן סדר, ווי ס'פלעגן באַשטימט ווערן די גענעראַל-סעקרעטאַרן. דעריבער, בעת עס האָבן זיך געביטן די גענעראַל-סעקרעטאַריאַטן, האָבן אויך די וויצע-סעקרעטאַרן פאַר נאַציאָנאַלע ענינים תמיד דערלאַנגט אין דימיסיע צוזאַמען מיטן גאַנצן קאַבינעט.

נאָך דעם דריטן אוניווערסאַל, ווען די וויצע-סעקרעטאַרן זיינען באַשטימט געוואָרן אַלס סעקרעטאַרן — האָבן זיי אווטאָמאַטיש באַקומען שטים-רעכט אין אַלע פראַגען, וועלכע זיינען באַהאַנדעלט געוואָרן אינם גענעראַל-סעקרעטאַריאַט. וואָס איז נוגע זייער קאָמפּעטענץ און פונקציעס איז אויף זיי פּאַקטיש חל געווען די אינסטרוקציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין יולי. די נאַציאָנאַלע סעקרעטאַרן זיינען געקליבן געוואָרן פון דער ראַדע גופא, זיי האָבן דעמיסיאָנירט צוזאַמען מיטן קאַבינעט, און דער איינציגער אָרגאַן, וועלכער פלעגט באַטראַכטן די אידישע ענינים, איז געווען דער נאַציאָנאַל-ראַט.

די פראַגע וועגן די ענדגילטיגע פאָרמען פון דער פאַרטרעטונג פונם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד איז בעצם ניט געווען געלעזט, הגם די סעקרעטאַרן האָבן באַקומען אַלע רעכט. אמת, אינם פּראָיעקט פון געזעץ וועגן נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אווטאָנאָמיע, וואָס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין ראַדע דורכ'ן גענעראַל-סעקרעטאַריאַט פאַר אידישע ענינים, איז געווען א פּונקט (10), וועלכער האָט באַשטימט, אַז „אין גענעראַל-סעקרעטאַריאַט פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק געהען אַריין סעקרעטאַרן פאַר די ענינים פון די נאַציעס, וואָס זיינען אָרגאַניזירט אין א נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד" און עס ווערט באַשטימט א באַזונדער סעקרעטאַר פאַר יעדער נאַציע. נאָר אינם געזעץ פונם 9-טן יאַנוואַר גופא איז דער דאָזיגער פּונקט צוליב חלוקי-דעות ניט אַריין. אינם אַרטיקל 9 ווערט בלויז געזאָגט, אַז דער העכסטער אויספיר-אָרגאַן פון פאַרבאַנד איז דער נאַציאָנאַל-ראַט. וועגן סעקרעטאַרן אָדער מיניסטאָרן ווערט בכלל ניט דערמאָנט.

ניט קוקענדיג דערויף, איז נאָכן פערטן אוניווערסאַל, ווען ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די אומאָפּהענגיקייט פון אוקראַינע, דער גענעראַל-סעקרעטאַר פאַר אידישע ענינים פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין א מיטגליד פון קאַבינעט מיט דיזעלבע רעכט און פונקציעס, וואָס עס האָבן געהאַט אַלע מיטגלידער פונם מיניסטאָרן-קאַבינעט. ס'איז געשאַפן געוואָרן דער פּאָסטן פון א אידישן „נאַציאָנאַלן מיניסטער".



עס איז בלתי שום ספק, אַז די דאָזיגע פאָרם פון אַ נאַציאָנאַלן פאַר-טרעטער ביַי דער רעגירונג איז געשאַפן געוואָרן אונטער דער השפעה פון געוויסע פאליטישע כונות. אָבער חוץ דעם, זיינען די מחברים פון די פראָ-יעקטן געווען זיכער איבערציַיגט, אַז דערמיט, וואָס זיי פירן אַריַין אין קאַבי-נעט דעם העכסטן פארשטעהער פונם נאציאנאלן פארבאנד אויף גליַיכע יסודות מיט די איבריגע מיניסטאָרן, רעאליזירן זיי דעם מאַקסימום רעכט, וועלכע זיַינען בכלל מעגליך ביַי דער נאציאנאל-פערסאנאַלער אווטאנאמיע.

באמת אָבער איז דער אינסטיטוט פון נאַציאנאלן מיניסטער סותר זעהר ערנסט — סיי אין דער פאָרם, אין וועלכער ער איז אנגענומען געוואָרן אין אוקראינע, סיי לויט דעם קאָנקרעטן פאָליטישן אינהאַלט, וואס ער האט באקומען —די נאטור פון דער נאצ.-פערסאָנאלער אווטאנאמיע גופא. פאקטיש באגרע-ניצט ער יענע עלעמענטאַרע רעכט פון די „נאציאנאלע מינדערהייטן", אין דער פראָקלאמירונג פון וועלכע עס באַשטעהט דער גאנצער פּרינציפּיעלער זין פון דער נאַציאָנאל-פערסאנאלער אווטאנאמיע. און ווירקליך, אין וואס בא-שטעהט, אייגענטליך, דאס עלעמענטארסטע רעכט פון די נאציאנאלע מינדער-הייטן, וואס דארף, דער עיקר, פארטיידיגט ווערן דורך דער נאצ.-פערסאנאלער אווטאנאמיע? דאס איז דאס רעכט פון דער נאציע אויף א נאציאנאלער, דורך קיינעם ניט געשטערטער, אנטוויקלונג. כדי צו באשיצן דאָס דאָזיגע רעכט גיט די נאצ.-פערסאָנאלע אווטאנאמיע די נאציאנאלע מינדערהייטן די מעגליכ-קייט אליין צו באשטימען און אויסצופירן פאר זיך יענע מלוכה-פונקציעס, וואס רירן אן די גרונד-עלעמענטן פונם נאציאנאלן לעבן פון דער באטרע-פענדער נאציאנאלער מינדערהייט. די מלוכה גיט איבער די דאזיגע פונקציעס צו די נאציעס, ווייל אין אזעלכע פראגען איז אונדענקבאר וועלכע עס איז איינ-הייטליכע מלוכה-פאליטיק. קודם כל איז די ריכטונג פון דער מלוכה-פּאָליטיק באשטימט דורך דעם קאמף פון די געזעלשאפטליכע קרעפטן ארום די סאציאל-פאליטישע און קולטורעלע פראגען, וואס שטעהען אויפ'ן סדר היום. כל זמן די אדער אנדערע פראגע טראגט אן אויסגעשפראכע-נעם נאציאנאלן כאראקטער, עקזיסטירט, פאלגליך, ארום איר אין דער בא-טרעפענדער נאציע א ספעציפיש-נאציאנאלע גרופּירונג פון געזעלשאפטליכע כחות. די דאָזיגע גרופּירונג אונטערשיידט זיך, לויט איר אינערליכער נאטור, פון יענער גרופּירונג פון געזעלשאפטליכע כחות, וואָס שאפט זיך אין דער מלוכה אַרום פראגען פון אַלגעמיינער מלוכה-פּאָליטיק. צוזאמענצובינדן דורך איין פּאָליטיק די פראַגען פון נאציאנאלן לעבן פון די נאַציאנאלע מינדערהייטן מיט די אַלגעמיינע-מלוכה-פראגען—וואָלט געהייסן אונטערזוארפן די פראגען פון נאַציאנאלן לעבן דער אויסשליסליכער השפעה פון דער איינהייטליכער אַלגעמיינער מלוכה-פּאָליטיק.

דאָס „שפּיל פון געזעלשאַפטליכע ״כוחות״ אין דער מלוכה שפּיגעלט אָבער נאטירליך ניט אָפּ דיווירקליכע כחות-פארהעלטנישן אין דער אָדער יענער נאַציע בנוגע די פראגען פון איר נאַציאנאַלן לעבן, ווייל ער ווערט ארויסגערופן און אנטוויקעלט זיך ארום מאמענטן פון גאר אן אנדער כאראקטער. אונטערוואַרפן די ריכטונג פון דער אינוויינינגסטער נאציאנאלער פּאליטיק פון דער אדער יענער נאציע דעם שפּיל פון אַלגעמיין-מלוכה׳שע כחות, הייסט, פּשוט, דעקרעטירן דער מינדערהייט אַ ווילן, וואס איז איר פרעמד סיי לויט דעם מקור, סיי לויט דעם אינהאלט זיינעם.

אין נאמען פון אָט דעם רעכט פון יעדער נאציע אויף אַ נאציאנאלער, דורך קיינעם ניט געשטערטער, אנטוויקלונג ברעכט טאַקע די נאַצ.-פּערסאנאלע אַווטאנאמיע די איינהייטליכקייט פון דער מלוכה׳שער פּאליטיק. זי טיילט אויס פונ׳ם אלגעמיינעם קרייז פון מלוכה-פראגען די פראגען פון נאציאנאלן לעבן פון די מינדערהייטן, מאכט זיי אומאפּהענגיג פון די פּאקטארן, וואָס גיבן אַ ריכטונג דער אלגעמיינער מלוכה-פּאליטיק, און ווארפט זיי אונטער יענע געזעלשאפטליכע כחות-פארהעלטנישן, וואָס ווערן געשאפן ארום זיי אין דער נאַציע גופא. אין דעם באשטעהט די גרונד-אידעע און דער תוכן פון דער נאצ.-פּערסאנאלער אַווטאנאמיע. דער אינסטיטוט פון אַ נאציאנאלן מיניסטער, וועלכער געהט אַריין אין קאבינעט אויף אַ ל ג ע מ יי נ ע יסודות, שטעהט שוין צוליב זיין קאנסטרוקציע אַליין אין אַ סתירה צום דאזיגן גרונד-פּרינציפּ פון דער נאצ.-פּערסאנאלער אווטאנאמיע. נאך מער: . אין אַ גרויסער מאס ליקווידירט ער זאגאר יענע פּאליטישע אידעע, וואס האָט אים ארויסגערופן צום לעבן.

דער אַנטייל אין קאבינעט אויף גלייכע יסודות מיט די איבריגע מיניסטארן מאכט דעם נאציאנאלן מיניסטער פאראנטווארטליך פאר דער אלגעמיינער פּאליטיק פון קאבינעט, אדער, אַנדערש גערעדט, מאכט אים אפּהענגיג פון די פּאָליטישע פּאקטארן, וואס גיבן אין דעם דאָזיגן מאמענט אַ ריכטונג דער פּאליטיק פון דער גאנצער מלוכה. אויף אזא אופן ווערט אין די פּאָרמען פון נאצ.-פּערס. אַווטאנאמיע איינגעוועבט דער זעלבער פּרינציפּ, וואָס איז אין תוך געגומען אַ פּאליטישער אנטיפּאד בנוגע צו דער אידעע פון דער נאצ.-פּערס. אַווטאנאמיע גופא.

דאס איז די פּרינציפּיעלע זייט פון דער פראגע וועגן נאציאנאלן מיניסטער. דער דאָזיגער אינסטיטוט ניט נאר ער פארברייטערט ניט און פארטיפט ניט די פּאליטישע און יורידישע נאטור פון דער נאצ.-פּערס.-אַווטאנאמיע, נאר, פארקערט, ער באַגרעניצט זי און פארשמעלערט.

## II.

כדי ס׳זאל ווערן בולט׳ער די אינוויינינגסטע סתירה צווישן דער נאציאנאל-פּערסאנאלער אווטאנאמיע און דער עקזיסטענץ פון אַ נאציאנאלן מיניסטער, מוז מען זיך אָפּשטעלן אויף די קאנקרעטע פּאליטישע פארמען, וועלכע עס

נעמט אָן אין ווירקליכן לעבן דער אינסטיטוט פון א נאציאנאלן מיניסטער, אַלס א קאַבינעט-מיטגליד. אין דעם פרט זיינען מעגליך צוויי פאלן: דער ערשטער, ווען דער נאציאנאלער מיניסטער איז פאראנטווארטליך אויסשליסליך בנוגע זיין אלגעמיין-פאליטישער פראגראם און טראָגט די פאראנטווארטליכקייט נאר פאר די אלגעמיינע מלוכה-ארגאנען. דער צווייטער —ווען דער נאציאנאלער מיניסטער איז אין זיין נאַציאָנאַלער פאליטיק פאראנטווארטליך פאַר׳ן באַטרעפענדן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, און אין די איבריגע פראַגען איז ער, גלייך מיט די איבריגע מיניסטאָרן, פאַראַנטוואָרטליך בלויז פאַר די אלגעמיינע מלוכה-אָרגאַנען.

דער איינפאכסטער איז דער ערשטער פאל. וואס-זשע פאַר א קאנקרעטע פאליטישע פארם נעמט אין דעם דאזיגן פאל אָן דאס „נאציאנאלע מיניסטעריום״ און אַלע איבריגע אָרגאַנען פונ׳ם נאציאנאלן פארבאַנד? אין דעם פאל פאַר- נעמט און פאַרלאָזט דער נאַציאָנאַלער מיניסטער זיין פאָסטן אויף דעם זעלבן אופן, ווי די איבריגע מיניסטאָרן, דאָס הייסט, אויפ׳ן סמך פון זיין אלגעמיינעם פאָליטישן „אני מאמין״. זיין נאציאנאלע פראָגראַם קאָן ניט דינען ניט אַלס א יסוד פאַר זיין אַריינטרעטונג אין קאַבינעט, ניט פאַר זיין דימיסיע. דאָס איז זיין פערזענליכע זאַך, פאַר וועלכער ער טראָגט יורידיש (קאָנסטיטוציאָנעל) פאר קיינעם קיין שום פאַראַנטוואָרטליכקייט ניט. און ווען דער רוב פונ׳ם נאציאנאַלן פאַרבאַנד איז ניט מסכים מיט דעם מיניסטערס נאַציאָנאַלער פאָליטיק, האָבן ניט די פאַרטרעטונגס ארגאַנען פון דער נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע קיין שום מעגליכקייט צו ענדערן, לויט זייער ווילן, די ריכטונג פונם מיניס- טערס טעטיגקייט, ווייל זייער צוטרוי אָדער אונצוטרוי האָבן קיין שום יורידישע באַדייטונג ניט. ס׳איז קלאָר, אַז אין דעם פאל קאָן מען ניט רעדן וועגן דעם מיניסטעריום, ווי וועגן אן אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע. ביי אַזאַ מין לאגע הערט אויף דאָס „נאציאנאלע מיניסטעריום״ צו זיין פאַקטיש אַן אָרגאַן פון דער נאַצ.-פערסאָנאַלער אווטאָנאָמיע; די איבריגע אָרגאַנען פונם נאציאנאלן פאַרבאַנד ווערן אין בעסטן פאַל פאַרוואַנ- דעלט אין געזעץ-באראטענדע און טעכניש-אויספירענדע אינסטיטוטן „ביים מיניסטער״. אין ערגסטן פאַל ווערן זיי זאָגאַר פאַרוואנדעלט אין פאָליטישע קאמפס-אָרגאַנען געגן מיניסטעריום.

כמעט די גאַנצע קורצע געשיכטע פון דער נאַצ.-פערס.-אווטאָנאָמיע אין אוקראינע, באַזונדערס פון דער אידישער, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט איין אילוסטראַציע צו אַזאַ מין מצב. שוין אין צוויי וואָכן אַרום נאָכן אויס- גלייך פונם 3 יולי 1917 מיט דער צייטווייליגער רעגירונג, איז אין מיניסטאָרן- קאַבינעט (גענעראַל-סעקרעטאריאט) איינגעלאַדן געוואָרן, אלס אַ גלייכבאַ- רעכטיגטער מיטגליד (די ערשטע צייט, אַלס אַ וויצע-סעקרעטאַר 1) א

1) די וויצע-סעקרעטארן האָבן געהאַט, אמת, שטים-רעכט נאָר אין די ענינים פון זייער נאַציאָ-

מיניסטער-פאַרוואַלטער מיט די ענינים פון דער אידישער נאציע אין אוקראינע. דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פונם אוקראינישן קאַבינעט און די באַשטימונג פון א אידישן מיניסטער, אַלס דער ערשטער אויסדרוק פונ׳ם דאָזיגן פּראָגראַם, האָט פּראָקלאַמירט און דורכגעפירט דעם פּרינציפּ פון דער נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע. און פאַקטיש האָט טאַקע דער אידישער גענעראַל-סעקרעטאַר אָדער דער וויצע-סעקרעטאר ניט אַזוי פאַרוואַלטעט מיט די ענינים פון דער נאציע, ווי מער אנגעפירט מיט די ענינים פון דער אידי-שער אווטאָנאָמיע. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אויף דער אידי-שער גאס אָנגעהויבן גרינדן לעגאַלע אָרגאַנען פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע אויף די ערטער—די קהלות. די קהלה-וואַלן האבן ענדגילטיג קלאר געמאכט די געזעלשאַפטליכע כחות-פאַרהעלטנישן אויף דער אידישער גאַס. די פּאַרטיי-קאָאַליציע, וואָס האָט געשטיצט דעם „אידישן מיניסטער״, איז כמעט אין אלע קהלות געבליבן אין דער מינדערהייט. די מערהייט שטימען האָבן באַקומען פּאַר-טייען מיט אַ נאַציאנאלער פּראגראַם, וועלכע איז געשטאנען אין אַ געגענזאַץ צו יענער פּראָגראַם, וואָס דאָס אידישע מיניסטעריום האָט אָנגעצייכענט און אָנ-געהויבן דורכצופירן אין לעבן. ווען דאָס אידישע מיניסטעריום זאָל געווען זיין געבויט אויפ׳ן פּרינציפּ פון פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער אידישער נאַציע און אירע אינסטיטוטען, וואָלטן שוין די רעזולטאַטן פון די וואלן אַליין געווען א גענוגענדער יסוד, אַז דער „אידישער מיניסטער״ זאָל אָנגעבן אין דימיסיע. דער אידישער מיניסטער, אָבער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף דעמזעלבן אופן, ווי די איבריגע מיניסטארן, מיטגלידער פון קאַבינעט (אָדער וויצע-מיניסטאָרן) האָט אין דימיסיע ניט אָנגעגעבן און האָט עס טאקע ניט געקאָנט טון. אַלס א מיטגליד פון קאַבינעט, האָט ער געטראָגן די זעלבע אחריות, ווי דער גאנצער קאַבינעט—אויסשליסליך פאַר די אַלגעמיינע מלוכה-ארגאנען. אָנגעבן אין דימיסיע האָט ער דעריבער געקאָנט נור צוזאַמען מיטן גאַנצן קאַבינעט און בלויז ביי דער ענדערונג פון דער אלגעמיינער פּאָליטיק אין דער מלוכה. כל זמן אָבער אין דער אַלגעמיינער מלוכה-פּאָליטיק זיינען קיין שנוים ניט פאָרגעקומען, האָט קיין שום וואָטום פון אונצופרידענהייט מצד די אָרגאַנען פון דער אידישער נאַציע ניט געהאַט און ניט געקאָנט האָבן קיין יורידישע קראַפט, כדי צו צווינגען דעם „אידישן מיניסטער״ צו פאַרלאָזן זיין פּאָסטן.

דער סוף איז געווען, אַז סיי פאַר׳ן מיניסטעריום מיט זיין נאַציאָנאַלער פּראָגראַם, סיי פאַרן נאַציאָנאַלן-פאַרבאַנד (וועלכן ס׳האָבן מיט זיך פאָרגע-שטעלט די געוועהלטע אָרטיגע אָרגאַנען) איז געשאַפן געוואָרן אַן אויסער-אָרדענטליכע שווערע לאַגע: פון איין זייט איז דאָס מיניסטעריום געווען איזאָלירט און האָט געקאָנט פאַרטזעצן זיין נאַציאָנאַלע פּאָליטיק נאָר אויף אייגענע אחריות; רעדן אינט נאָמען פונם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און אַרויס-טרעטן, אַלס זיין אָרגאַן, האָט דאָס מיניסטעריום ניט געקאָנט, ווייל די וויר-

קליכקײַט האָט בולט דעמאָנסטרירט דעם אונצוטרוי צו אים מצד דעם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. פון דער אַגדערער זײַט, האָבן די קהלות פאַקטיש ניט געהאַט די פולע רעכט, וואָס זיי האָבן געדאַרפט האָבן לויט דעם עצם-זין פון דער נאַצ.-פערס. אַווטאָנאָמיע און אין וועלכע זיי האָבן זיך גענויטיגט, כּדי דורכצופירן אין לעבן די דאָזיגע אַווטאָנאַמיע איף די ערטער. וואָרום, ווי נאָר זיי פלעגן צוגעהן צו וועלכע עס איז פון די אָנגעוועהטאגטע פראַגען פונם אידישן לעבן (שול-בויאונג, רעליגיעזע פראַגען און אַנדערע), פלעגן זיי פאַרלירן יעדע מעגליכקײַט פרײַ צו אַרבעטן און צו שאַפן. תּמיד, ווען עס האָט זיך געפאָדערט דער אַנטייל פונם מיניסטעריום (אַן ערלויבניש, סובסידיע, אַנערקענונג), פלעגט זיך תּיכּף אַרויסווײַזן די „פראָגראַמען-פאַרשידענהייט", צווישן מיניסטעריום און די קהלות. ניט האָבענדיג קיין אויסערליכע מאַכט, זיינען די קהלות ניט געווען בכּח צו רעאַליזירן זייער פראָגראַם. אַלזא, האָט זיך באַקומען: פון איין זײַט אַ מיניסטעריום, וואָס האָט ניט דאָס רעכט צו זײַן אַן אָרגאַן פון דער נאַצ.-פערס. אַווטאָנאָמיע, און פון דער צווייטער זייט די קהלות, וואָס האָבן ניט די מעגליכקײַט צו זײַן די אָרגאַנען פון דער נאַצ.-פערס. אַווטאָנאָמיע. אין תּוך גענומען, האָט בײַ אַזאַ לאַגע קײַן שום אַווטאָנאָמיע באמת ניט געקאָנט זײַן.

באַזונדער בולט האָט זיך אַרויסגעוויזן דער גאַנצער אומנאַטירליכער פּאָליטישער אינהאַלט פונם אינסטיטוט פון „אידישן מיניסטער" אַלס קאַבינעט-מיטגליד גאָר אין דער לעצטער צײַט—אין די טעג פון דער דירעקטאָריע. בעת די צענטראַלע ראַדע האָט עקזיסטירט, זײַנען נאָך ניט געווען קײַן צענטראַלע געוועהלטע אַנשטאַלטן פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע, און דעריבער האָט מען דעמאָלט נאָך געקאָנט אפשר ברענגען פאָרמעלע מאָטיוון לטובת דעם מיניסטעריום, וואָס איז ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר'ן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. צו דער צײַט אָבער, ווען די דירעקטאָריע איז אַרײַנגעטראָטן אין קיעוו, האָבן אַזעלכע פאָרמעלע יסודות ניט געקאָנט מער זײַן, ווײַל דעמאָלט האָט די אידישע נאַציע אין אוקראַינע שוין געהאַט אירע געוועהלטע פארשטעהערשאַפט-אָרגאַנען—די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג און דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט. ניט קוקענדיג דערויף, איז דער מיניסטער פאַר אידישע ענינים באַשטימט געוואָרן ניט לויט דעם פאָרשלאַג און הסכּמה פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, און ער האָט דעריבער ווײַטער ניט געטראָגן קײַן שום פאַראַנטוואָרטליכקײַט פאַרן צענטראַלן אָרגאַן פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע. גלײַכצײַטיג האָט ער, אַלס מיטגליד פון מיניסטאָרן-ראַט, גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקײַט פאַר דער אַלגעמיינער פּאָליטיק פון טשעחאָווסקי'ס קאַבינעט, און דער רעזולטאַט פון דעם איז געווען דער, אַז צווישן דעם „אידישן מיניסטעריום" און די אָרגאַנען פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד האָט ניט עקזיסטירט קײַן שום צוזאַמענהאַנג, ווײַל די נאַציאָנאַלע

פארזאמלונג (די קליינע) האט גערופן די קהלות צו באַיקאָטירן דאָס אידישע מיניסטעריום. דער אידישער מיניסטער איז פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַן אַגענט פון דער אַלגעמיינער מלוכה-מאַכט, וואָס פירט אָן מיט די ענינים פון דער אידישער באַפעלקערונג. אין דער זעלבער צייט האָט די אָרגאַנען פון דער נאַצ.-פּערס. אַווטאָנאָמיע געדראָהט אַ סכּנה פון פולער אָהנמאַכט און אונטעטיגקייט, ווייל די פאַרווירקליכונג פון זייערע וויכטיגסטע אַרבעטס-פונקציעס (די פינאַנציעלע זייט, די שול-פראַגען א. א. וו.) איז געווען איינגאַנצן אפּהענגיג פונם מיניסטעריום.

דער דאָזיגער אונארמאַלער צושטאַנד איז געקומען אַלס אַן אונפאַרמייד-ליכער רעזולטאַט פון דער פּאָליטישער אין יורידישער קאָנסטרוקציע פון דעם אינסטיטוט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „נאַציאָנאַלער מיניסטעריום". ווייל: אַ נאַציאָנאַלער מיניסטער, וואָס איז ניט פאַראַנטוואָרטליך פאַר די אָרגאַנען פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, איז סותר ניט נאָר די גרונד-פּרינציפּן פון דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, נאָר ער מאַכט פאַקטיש אונמעגליך די אַווטאָ-נאָמיע גופא.

III.

אין איינציגע נאַציאָנאַלע קרייזן איז שטאַרק פּאָפּולער די צווייטע פון די אָנגעמערקטע מעגליכקייטן: אַ נאַציאָנאַלער מיניסטעריום מיט אַ פאַראַנט-וואָרטליכקייט אין די נאַציאָנאַלע פראַגען—פאַר די פאַרטרעטונגס-אָרגאַנען פו'נם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד (נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג), און אין אַלגעמיינע פראַגן פאַר די זעלבע אינסטאַנצן און אויף די זעלבע יסודות, וואָס די איבעריגע—מיניסטאָרן פון קאַבינעט.

לכתחלה קאָן זיך דוכטן, אַז די דאָזיגע קאָמבינאַציע מיט אַ טאָפּעלטער פאַראַנטוואָרטליכקייט איז די געלונגענסטע פּראַקטישע לעזונג פון דער פּראָב-לעם וועגן דעם פאָרשטעהער פון דער נאַצ.-פּערס.-אַווטאָנאָמיע. פּאַקטיש אָבער ווערט זי, פריהער אָדער שפּעטער, אומבאַדינגט פאַרוואַנדעלט אין דער פאָרם פון „נאַציאָנאַלן-מיניסטער", וועגן וועלכער ס'איז שוין אויבן גערעדט געוואָרן.

אַ מיניסטער מיט אַ צווייענדיגער פאַראַנטוואָרטליכקייט קאָן עקזיסטירן נאָר אויף אַזוי פיל, אויך וויפיל די פּאָליטישע גרופּע, וואָס בילדעט די מערהייט אין די פאַרשטעהערשאַפטס-אָרגאַנען פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, איז נוטה אין איר אַלגעמיין פּאָליטישער פּראָגראַם צו די רעגירונגס-פּאַרטייען אין דער מלוכה. ווי באַלד אָבער ס'איז מנצח אין נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד די פּאַרטיי אָדער די פּאַרטייען, וואָס געהען זיך אין די פראַגען פון אַלגעמיינער פּאָליטיק פונאַנדער מיט די פּאַרטייען, וואָס בילדן דעם אַלגעמיין-מלוכה'שן מיניסטאָרן-קאַבינעט, ווערט לחלוטין אונמעגליך די צווייענדיגע פאַראַנטוואָרט-ליכקייט. און אַזאַ לאַגע קאָן זעהר אָפט באַשאַפן ווערן אין דער מאָדערנער

מלוכה מיט אירע פאַרוויקעלטע פּאָליטישע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַצי־
הונגען. ניט שטענדיג קאָן אין אַזעלכע פאַלן דינען אַלס אַן אויסוועג אַפילו
דער מאָדוס, ביי וועלכן דער מיניסטער געהט אַריין אין קאַבינעט „פּערסאָנאַל־
און קאָן זיך אין פראַגען פון אַלגעמיינער פּאָליטיק סאָלידאַריזירן מיטן קאַבינעט,
געהערענדיג גלייַכצייטיג צום רוב פונ׳ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. די גרונד־
פּרינציפּן פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם ביים רוב פונ׳ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד
געהען זיך אָפּטמאָל אַזוי גרינדליך פונאַנדער מיט די ריכט־ליניען פון דער רעגי־
רונגס־פּאָליטיק, אַז ס׳ווערט אַמאָל אונמעגליך צו געפינען אַפילו די איינצעלנע
„פּערזאָן״, וואָס זאָל גלייַכצייטיג קאָנען אונטערשטיצן אי די אַלגעמיינע
פּאָליטיק פונ׳ם קאַבינעט אי אויך די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון דער מערהייט
פונ׳ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. ווארום ווי פאַרשידן ס׳זאָלן ניט זיין די פראַגען
פון אינערליכער נאַציאָנאַלער און אַלגעמיינער מלוכה־פּאָליטיק, מוז מען דאָך
ביים באַהאַנדלען די דאָזיגע פּאָליטישע פראַגען אַרויסגעהן פון געוויסע אַלגע־
מיינע פּאָליטישע הנחות. אלס אַזאַ הנחה קאָן, למשל, דינען די דעמאָקראַטישע
אידעע, דער סאָציאַליזם א. א. וו., אויב די רעגירונגס־פּאָליטיק און די נאַצי־
אָנאַלע פּראָגראַם פונ׳ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד געהען זיך אין די דאָזיגע גרונד־
הנחות פונאַנדער, איז אונמעגליך צו געפינען סיי אַזאַ פּאַרטיי, סיי אַ איינצעלנע
„פּערזאָן״, וואָס זאָל גלייַכצייטיג שטיצן די דאָזיגעביידע פּראָגראַמען. אין
דער צייט, למשל, ווען אין דעם אַלגעמיינעם מלוכה־לעבן הערשט די ראַטן־
קאָנסטיטוציע און די פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור, איז אונמעגליך צו געפינען
אַזאַ „פּערזאָן״, וואָס זאָל זיין וויליג צו נעמען אַן אַנטייל אין דורכפירן
די אַלגעמיינע דיקטאַטור־פּאָליטיק, און גלייַכצייטיג — פאַרווירקליכן אין
לעבן פון דעם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד די דעמאָקראַטישע פּאָליטיק.

עהנליכע פאַלן זיינען מעגליך ביי פאַרשידענע פּאָליטישע ענדערונגען
אין דער מלוכה אָדער אין דעם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. די קורצע געשיכטע
פון דער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע אין אוקראַינע איז רייך מיט
אַזעלכע פאַלן.

IV.

די פראַגע וועגן דעם העכסטן פאָרשטעהער פון דער נאַציאָנאַל־פּער־
סאָנאַלער אַווטאָנאָמיע קאָן ניט געלעזט ווערן אויף אַזאַ אופן, ווי מען האָט
זי געפּרובט לעזן ביז איצט אין אוקראַינע. דער גייסט פונ׳ם געזעץ וועגן
דער נאַצ.־פּערס.־אַווטאָנאָמיע, די אינטערעסן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן,
און דער העכסטער פּאָליטישער זין פון דער דעמאָקראַטישער אידעע דיקטירן
אַן אַנדער לעזונג פון דער דאָזיגער פּראָבלעם, יענע לעזונג, צו וועלכער
ס׳זיינען צום סוף פון $1^1/_2$ יאָר אַווטאָנאָמיע אין אוקראַינע געקומען די אַווטאָ־
ריטעטע פּאָליטישע קרייזן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. די דאָזיגע
לעזונג באַשטעהט אין דעם, וואָס אויפ׳ן אָרט פונ׳ם אינסטיטוט פון

אַ נאַציאָנאַלן מיניסטער, וועלכער געהט אַרייַן אין קאַבינעט, אַלס אַ גלייַכבאַ־רעכטיגטער מיטגליד, ווערט געשאַפן אַ אינסטיטוט פון אַ שטאַטס־סעקרעטאַר, וואָס איז פאַראַנטוואָרטליך נאָר פאַר די אָרגאַנען פונם געהעריגן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, און געהט אַרייַן אין קאַבינעט נאָר מיט באַראַטונגס־רעכט. נאָר אויף אַזאַ אופן קאָן דער העכסטער פאָרשטעהער פון דעם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד בייַ דער מלוכה באַקומען מאַקסימום רעכט, וואָס זייַנען נויטיג, כּדי דער מעכאַניזם פון דער נאַצ.־פערס.־אַווטאָנאָמיע זאָל פונקציאָנירן נאָרמאַל.

דער שטאַטס־סעקרעטאַר איז דער העכסטער אויספיר־אָרגאַן פונ׳ם נאַ־ציאָנאַלן פאַרבאַנד, וועלכער ערפילט חוץ דעם אויך פאַרמיטלונגס־פונקציעס צווישן דעם אווטאָנאָמען נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און דער מלוכה, באַטייליגט זיך אין קאַבינעט מיט באַראַטונגס־רעכט. אַלס דער העכסטער אויספיר־אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַלער־פערסאָנאַל אַווטאָנאָמיע — ווערט ער געוועהלט און איז אונטערגעוואָרפן דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג פונ׳ם נאַציאָנאַלן פאַר־באַנד. אַלס אַ פאַרמיטלער צווישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און דער מלוכה, וועלכער באַזיצט אויסעראָרדענטליכע רעכט בייַ די באַציהונגען מיט די העכערע און נידעריגערע מלוכה־אַנשטאַלטן, און פאַרנעמט אַ פּאָסטן, וואָס איז עהנליך צו אַ מיניסטאָרישן,— ווערט דער שטאַטס־סעקרעטאַר באַשטימט דורך דער מלוכה.

די דאָזיגע מאָמענטן: די גלייַכצייַטיגע ערפילונג פון די אויספיר און פאַרמיטלונגס (פאָרשטעהערשאַפטס) פונקציעס; דער אנטייל אין קאַבינעט מיט באַראַטונגס־רעכט; דער וואַל־מאָמענט און די פאַראַנטוואָרטליכקייַט פאַר די פאָרשטעהערשאַפטס־אָרגאַנען פון דעם נאַציאָנאַלן־פאַרבאַנד (דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג) און די באַשטימונג דורך דער מלוכה־מאַכט—דאָס זייַנען די גרונד סימנים, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם דאָזיגן אינסטיטוט.

מיר געהען איבער צום אַנאַליז פון די דאָזיגע סימנים, וואָס בילדן דעם באַגריף „שטאַט־סעקרעטאַר״. דער אנאַליז וועט געמאַכט ווערן אין צוזאַ־מענהאַנג מיט אַלע מעגליכע פאָרמען פונ׳ם דאָזיגן אינסטיטוט—פאָרמען, וואָס ווערן כאַראַקטעריזירט דורך דעם, וואָס ס׳פעהלט בייַ זיי אָדער ס׳ווערט בייַ זיי ניט אַנערקענט איינער פון די דאָזיגע פיר סימנים.

דער ערשטער סימן: די פאַראייניגונג פון אויספיר און פאַרמיטלונגס־(פאָרשטעהערשאַפטס) פונקציעס. געגן אַזאַ פאָרם ווערט אַרויסגעשטעלט אַן ארגומענט, אַז גלייַכצייַטיג אויסצופירן די דאָזיגע צוויי פונקציעס איז אין תוך געגומען אומנאַטירליך, און אַז זיי מוזן אין דער אָדער יענער פאָרם שטרענג פונאַנ־דערגעטיילט ווערן. איינע פון די פאָרמען פון א שטאַטס־סעקרעטאַר, וואָס ווערן דערבייַ אויסגעשטעלט, איז פאָלגענדע: דעם שטאַטס־סעקרעטאַר געהערן נאָר די אויספיר־פונקציעס. וואָס איז שייך צו די פאַרמיטלונגס און פאָרשטעהער־שאַפטס־פונקציעס דאַרפן זיי איבערגעגעבן ווערן אַ ספּעצעלן אָרגאַן, וואָס ווערט

געוועהלט דורך דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. ביי דער אַנדערער פאָרם ווערן דעם שטאַטס-סעקרעטאַר איבערגעגעבן אויסשליסליך פאַרמיטלונגס (פאָרשטעהער-שאַפטס) פונקציעס. אין דעם פאַל געהערן די. אויספיר-פונקציעס צו אַ ספּעציעל קאָלעקטיוון אָרגאַן, וואָס די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג וועהלט אויס. דער שטאַטס-סעקרעטאַר איז מער ניט ווי אַ מין שליח פונם נאַציאָנאַלן-פאַרבאַנד אינם קאַבינעט. ער קאָן אַריינגעהן אין אויספיר-אָרגאַן, קאָן אָבער אויך אין איס ניט אַריינגעהן.

די דאָזיגעביידע שטאַנדפונקטן זיינען זיך סומך אויף אַ פּאַקטישער צונויפמישונג פון אַ נאַציאָנאַלער פאָרשטעהערשאַפט, אינם געוועהנליכן זין פון וואָרט, מיט יענער זאַכליכער פאַרמיטלונג צווישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און די אַלגעמיינע מלוכה-אַנשטאַלטן, וואָס איז איינע פון די אומבאַדינגטע פונקציעס פונ'ם שטאַטס-סעקרעטאַר, אָהן וועלכעס וואָלט פאַרשווערט געוואָרן ביז גאָר די לויפענדע אַרבעט פון די אָרגאַנען פון דער נאַצ.-פערס. אווטאָנאָמיע. די לויפענדע אַרבעט פאָדערט אָפטמאָל, אַז די אָרגאַנען פון דער נאַצ. פערס. אווטאָנאָמיע זאָלן זיך ווענדן צו די אָרגאַנען פון דער אַלגעמיינער מלוכה=מאַכט אין פאַל, ווען די טעטיגקייט פון די אָרגאַנען פון דער נאצ.-פערס.-אווטאָנאָמיע פאָדערט דעם אָנטייל אין איר מצד דער מלוכה-מאכט.

פון דער אַנדערער זייט, רירט אָפט מאָל אָן די טעטיגקייט פון די אַל-געמיינע מלוכה-אָרגאַנען, און אין דער ערשטער רייהע — פונ'ם קאַבינעט, די פראַגען, וואָס געהען אַריין אין דער קאָמפּעטענץ פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. ביי דער באַשליסונג פון אַזעלכע פראַגען דאַרף אומבאַדינגט זיין דער פאָרש-טעהער פון יענע אָרגאַנען, וואָס ערפילן די לויפענדע אַרבעט פון דער נאַצ. פערס. אווטאָנאָמיע. נאָר אויף אַזאַ אופן קאָנען די אינטערעסן פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד פאַרטיידיגט ווערן געגן די ניט קאָמפּעטענטע און זעהר אָפט ניט אינ-פאָרמירטע אַלגעמיינע מלוכה-אָרגאַנען.

דער שטאַטס-סעקרעטאַר דאַרף גלייכצייטיג זיין דער אָנפירער סיי פון די אויספיר-פונקציעס פון דער נאַצ.-פערס. אווטאָנאָמיע, אַזוי אויך פון די פאָרשטעהערשאַפטס-פונקציעס ביי די באציהונגען מיט די אַלגעמיינע מלוכה-אַנשטאַלטן.

אין וועלכע פאָרמען דריקן זיך אויס די פאָרשטעהערשאפט-פונקציעס פון דעם שטאטס-סעקרעטאר? אלס עיקר און הויפּט פאָרם — אין דעם באטייליגן זיך אין די זיצונגען פונם קאבינעט מיט בעראטונגס-רעכט. חוץ דעם, האָט א וויכטיגע באדייטונג דאָס רעכט צו ווענדן זיך צו די אָרטיגע מאכט-אָרגאנען ניט נאָר מיט אָנפראגען, נאָר אָפט אויך מיט פאראָרדנונגען און פאָרשלאגן בנוגע צו די פראגען, וועגן וועלכע ס'ווערט דערמאָנט אינם געזעץ-פראָיעקט וועגן שטאטס-סעקרעטאר און וועגן נאציאָנאלן פארבאנד.

דער זעלבער שטאטס-סעקרעטאר פארטרעט דעם נאציאנאלן פארבאנד אין דעם אלגעמיינעם מלוכה-פארלאמענט, ער טראָגט אריין און פארטיידיגט

אַינ׳ם פארלאמענט יענע גזעץ-פראָיעקטן, וואָס זײַנען אויסגעארבעט און אָנגענומען געוואָרן דורך די אָרגאנען פונם פארבאנד. וואָס אָנבאלאנגט די אָנפראגען, וואָס האָבן א שייכות צו דער טעטיגקײַט פון די אָרגאנען פונ׳ם נאציאָנאלן פארבאנד, וואָלט געווען גאנץ נאָרמאל, אז אויף די דאָזיגע אָנפראַגען אָזל געבן אן ענטפער דער פאָרשטעהער פון יענעם מיניסטעריום, צו וועלכן די אָנפראגע האָט די נאָהענטסטע שייכות. ווייל ס׳איז דאָך זעלבסטפארשטענדליך, אז אונאפהענגיג פונ׳ם אינהאלט פון דער אָנפראגע, ווערט זי סײַ לויט דער פאָרם, סײַ לויט דער קאָנסטיטוציאָנעלער באדייטונג שטענדי׳ג געווענדעט צו דער רעגירונג.

דער צווייטער סימן פונם שטאַטס-סעקרעטאר איז—דער אנטייל אין קאבינעט מיט בארATונגס-רעכט. ערנסטע מאָטיוון ווערן געבראכט קעגן דעם דאָזיגן בארATונגס-פרינציפּ. אין אייניגע נאַציאָנאלע קרײַזן רעכענט מען, אז ראציאָנאלער פון אלעמען און אָהן א סתירה צו דעם פרינציפּ פון נאצ.-פערס. אווטאָנאָמיע וואָלט געווען דאָס בארATונגס-רעכט אין אלגעמיינע מלוכה-פראגען און באשטימונגס-רעכט אין פראגען, וואָס זײַנען נוגע די אינטערעסן פון דער נאציאָנאלער מינדערהײַט און אויך דער קאָמפּעטענץ פונם נאציאָנאלן פארבאנד.

דער דאָזיגער שטאנדפונקט איז אָבער לחלוטין ניט אויסגעהאלטן. רעאל איז יעדער רעגירונגס-באשלוס, אפילו אין נאציאנעלע פראגען—אן אקט פון אלגעמיינער מלוכה-פּאָליטיק, וואָס אונטערשיידעט זיך ניט, פּריציפּיעל, פון ענהליכע החלטות אין פראגען וועגן פאָלקס-בילדונג אָדער פאָלקס-געזונדהײַט אקטיוו באטייליגן זיך אין די באשלוסן פונ׳ם קאבינעט אין נאציאנאלע פראגן הייסט, דעריבער, נעמען אויף זיך די פאראנטוואָרטליכקייט פאר דער מלוכה-פּאליטיק אין די נאציאָנאלע פראגען, וועלכע איז אָרגאניש צוזאמענגעבונדן מיט דער אלגעמיינער מלוכה-פּאָליטיק.

דער אַנטייל פונם שטאַטס-סעקרעטאַר אין דער אָפּשטימונג וועגן פראַגען, וואָס האָבן אַ שייכות צום נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, אונטערשיידעט זיך אַלזאָ ניט פון דעם אַנטייל אין קאַבינעט מיט די רעכט פון אַ מיניסטער.

חוץ דעם, איז אין לעבן פּאַקטיש שווער דורכצופירן דעם פרינציפּ פון באַשטימונגס-רעכט אויסשליסליך אין אייניגע פראַגען. ווײַל ס׳איז ניטאָ אַזאַ בולט׳ע גרענעץ צווישן יענע פראַגען, וואָס האָבן יאָ אַ שייכות, און די, וואָס האָבן ניט קײַן שייכות צו די אינטערעסן פונם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אָדער פון דער נאַצ. מינדערהייט, וועגן וועלכער ס׳האַנדעלט זיך. אין אַ געוויסער מאָס קאָן מען אַן אונגעהויער גרויסע צאָל פראַגען וועגן דער מלוכה-פאַרוואַלטונג און געזעצגעבונג איינשליסן אין דער קאַטעגאָריע פראַגען, וואָס האָבן אַ שייכות צו די אינטערעסן פונם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אָדער פון דער „מינדערהייט“. דאָס באַשטימונגס-רעכט אין אייניגע פראַגען קאָן גיבן, דעריבער, בלויז אַ גרונד פאַר ריזיקאַלישע פועל-יוצא׳ס און קאָנפליקטן.

צו די וויכטיגע סימנים, וואָס כאַראַקטעריזירן דעם אינסטיטוט פון שטאַטס-סעקרעטאַר געהערט, ווײַטער, דאָס וואָס ער ווערט געוועהלט און איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר די פאָרשטעהערשאַפטס-אָרגאַנען פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד.

מען קאָן זיך זעהר גרינג פאָרשטעלן אַזאַ לאַגע, בײַ וועלכער דער-שטאַטס-סעקרעטאַר, וואָס באַזיצט אַלע איבעריִגע סימנים פונם דאָזיגן אינ-סטיטוט, ווערט ניט געוועהלט דורך די פאַרטרעטונגס-אָרגאַנען פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, נאָר ער ווערט באַשטימט דורך דער מאַכט פון צווישן די מערהײַטס-רייהען פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. הגם אַזאַ מין מאָדוס פירט אַרײַן אין פאָלי-טישן לעבן פונם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אַ מנהג, וואָס פראַקטיקירט זיך אין די פאַרלאַמענטאַרישע לענדער, וואו דער פירער פון דער רעגירונג ווערט ניט גע-וועהלט, נאָר באַשטימט דורכ'ן ראש פון דער מלוכה, דאָך געפינט זיך ניט אזא פאל אין הסכם מיט'ן באַגריף פון שטאַטס-סעקרעטאַר אין דער גאַנצער סיסטעם פון נאַצ.-פערס. אַווטאָנאָמיע. די באַשטימונג פונ'ם שטאַטס-סעקרעטאַר דורך דער מלוכה וואָלט געווען פאַרשטענדליך נאָר אין דעם פאַל, ווען ער זאָל זײַן אַן אָרגאַן פון דער אַלגעמיינער מלוכה-מאַכט—אַן אָרגאַן, וואָס דאַרף די דאָזיגע מאַכט פאַרטרעטן אינם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. דער שטאַטס-סעקרעטאַר איז אָבער, פאַרקערט, אַן אָרגאַן פונ'ם נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן פ אַ ר ב אַ נ ד, וואָס דאַרף פאַרטרעטן דעם לעצטן פאַר דער מלוכה. ער קאָן, דעריבער, באַשטימט אָדער אויסגעקליבן ווערן נאָר דורכן העכסט'ן אָרגאַן פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד.

אויב מען קאָן נאָך צווייפלען אין דעם, צי דאַרף דער שטאַטס-סעק-רעטאַר זײַן געוועהלט אָדער ניט, רופט שוין די פראַגע וועגן דעם, צי ער דאַרף פאַראנטוואָרטליך זײַן פאַר דעם העכסטן אָרגאַן פון דער נאַצ. אווטאָנאָמיע, קײַן שום ספקות ניט אַרויס. ניט אַלע מאַכן אָבער פונ'ם „פאַראַנטוואָרטליכקײַטס-פּרינ-ציפּ" דעם געהעריגן פועל-יוצא. אין איינִיגע נאַציאָנאַלע קרײַזן שטעלט מען זיך פאָר דעם שטאַטס-סעקרעטאַר אלס א פארזיצער פון א קאָלעקטיוון אויספיר-אָרגאַן, וואָס ווערט געוועהלט דורך דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. די דאָזיגע פאָרשטעלונג רײַסט פאַקטיש אונטער דעם פאַראַנטוואָרטליכקײַטס-פּרינ-ציפּ פונ'ם שטאַטס-סעקרעטאַר, אָדער זי ברענגט דערצו, אַז די וואלן פונ'ם שטאַטס-סעקרעטאַר אינם פאַרטרעטונגס-אָרגאַן פונם נאַציאָנאלן פארבאנד זײַנען איבעריג און גאָר אונמעגליך.

דער שטאַטס-סעקרעטאַר קאָן נאָר אויף אַזוי פיל טראָגן די פאַראַנט-וואָרטליכקײַט פאַר דעם נאַצ. פאַרבאַנד, אויף וויפיל ס'איז פון אים אפּהענגיג די ריכטונג און די אנפירונג מיט דער דאָזיגער טעטיגקײַט. אויב ער איז אָבער בלויז אײנער פון די מיטגלידער פון דער קאָלעגיע, וועלכע ווערט דערצו צונויפגעשטעלט גאָר ניט פון אים, קאָן זײַן פאַראנטוואָרטליך ניט ער אליין, נאָר די גאַנצע קאָלעגיע. וועגן א ספּעציעלער פאַראנטוואָרטליכקײַט פונ'ם שטאַטס-סעקרעטאַר קאָן קײַן רייד דאַן ניט זײַן. און פאַרשטענדליך ווערט דאַן

אויך די פ‏ֿאָדערונג, אז דער שטאטס-סעקרעטאר זאָל ווערן געוועהלט דורך דער נאציאָנאלער פארזאמלונג. ווארום, אויב דער שטאטס-סעקרעטאר איז נאָר א פאָרזיצער פון דער אויספיר-קאָלעגיע, פון א קאָלעגיע, וועלכע ניט ער שטעלט צונויף, און ער טראָגט ניט קיין באזונדער פאראנטווארטליכקייט פארן העכסטן פארטרעטונגס-אָרגאן פונם נאציאָנאלן פארבאנד—דארף די אויספיר-קאָלעגיע אליין אויסקלייבן פאר א שטאטס-סעקרעטאר איינעם פון אירע מיטגלידער. און אין דעם פאל איז דער שטאטס-סעקרעטאר פאראנט-וואָרטליך ניט פארן העכסטן פארשטעהערשאַפטס-אָרגאן פונם נאצ. פארבאנד, נאָר פאר דער אויספיר-קאָלעגיע אליין.

אזא מין קאָנסטרוקציע ענדערט פאקטיש דעם גאנצן כאראקטער פונם דאָזיגן אינסטיטוט. אויב מען שטעלט זיך פאר דעם שטאטס-סעקרעטאר, אלס אַ פארזיצער פון דער אויספיר-קאלעגיע, וועלכע ווערט געוועהלט דורך דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, איז אַזאַ קאָנסטרוקציע אומפאַרמיידליך, וויל מען, אַז דער שטאַטס-סעקרעטאַר זאָל זיין געוועהלט און טאַקע אונטערגעוואָרפן דעם העכסטן פאָרשטעהערשאַפטס-אָרגאַן פונם נאַצ. פאַרבאַנד, בלייבט נאָר איין איינציגע אָרגאַניזאַציאָנס-פאָרם פאַר דער אויספיר-מאַכט, יענע פאָרם, וועלכע איז אַנערקענט אינם רוב פאַרלאַמענטאַרישע לענדער—דער שטאַטס-סעקרעטאַר, וואָס ווערט געוועהלט און איז פאַראַנטוואָרטליך פאר דער נאַצ. פאַרזאַמלונג, שטעלט אליין צונויף א קאָלעגיע, וואָס בילדעט די אויספיר-מאַכט אין נאַצ. פאַרבאַנד.

דער לעצטער סימן פונם אינסטיטוט פון שטאַטס-סעקרעטאַר איז דאָס, וואָס ער ווערט באַשטעטיגט דורך דער מלוכה-מאַכט. הגם די דאָזיגע באַשטעטיגונג באַגרענעצט די רעכט פונם נאַצ. פאַרבאַנד און קאָן ברענגען צו קאָנפליקטן, אויב די מלוכה-מאַכט גיט ניט איר צושטימונג צום נאַציאָנאַלן סעקרעטאַר, איז זי פאָרט נויטיג, צוליב אַלגעמיינע מלוכה-אינטע-רעסן. דער אמט פונם שטאטס-סעקרעטאר, זיינע רעכט בנוגע צו א גאַנצער רייהע מלוכה-אַנשטאַלטן, זיין אָפיציעלער מצב אין קאַבינעט—דאָס אלץ פאָדערט, אז די מלוכה זאָל אים אנערקענען אלס שטאטס-סעקרעטאר. וואָס איז שייך דער סכנה פון קאָנפליקטן, וואָס קאָנען געשאפן ווערן אויף דעם באדן, קאָן זי אין א גרויסער מאָס פארקלענערט ווערן דורך דעם, וואָס די וואלן פונם שטאטס-סעקרעטאר וועלן באשטעטיגט ווערן אויף דעם זעלבן אופן, ווי די געזעצגעבערישע אקטן פון די אָרגאנען פון דער נאצ.-פערס. אַוטאָנאָמיע. די קאָנפליקטן וועלן באַטראַכט ווערן דורכן העכסטן צווישן-נאציאָנאלן אַדמיניסטראַטיוון געריכט, וואָס וועט דאַרפן באַשליסן, צי ס'זיינען געווען געזעצליכע מאָטיוון, כדי ניט צו באַשטעטיגן, למשל, די וואַלן פון דעם באַטרעפענדן שטאַטס-סעקרעטאַר, אָדער די האנדלונג פון דער רעגירונג האָט געטראָגן א דיסקרעציאָנס-כאראקטער.



אָט דאָס איז אין אַלגעמיינע שטריכן דער תּוכן פונם אינסטיטוט פון שטאַטס-סעקרעטאַר, וועלכן ס׳פאָדערן פאַר דער לעצטער צייט די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, זעהענדיג אין אים דעם איינציגן אויסוועג פון דער פאַרוויקעלטער לאַגע, וואָס ווערט פאַטאַל געשאַפן פאַר דער נאַציאָנאַלער מינדערהייט דורכן אזוי גערופענעם „נאַציאָנאַלן מיניסטעריום”.

שוין דער פאָטער פונם געדאַנק וועגן נאַצ. פערס.-אָווטאָנאָמיע—שפּרינגער האָט פּראָקלאַמירט די אידעע פון שטאַטס-סעקרעטאַר. די אוקראַינער פּראַקטיק האָט באַוויזן, אז שפּרינגער האָט אין דעם פּרט פאַרנומען אַ ריכטיגע פּאָזיציע.

ווערט די שווערע און פאַרוויקעלטע פּראָבלעם פונם העכסטן מלוכה-פאָרשטעהער פונם נאַצ. פאַרבאַנד געלעזט ניט ריכטיג—דאַן קאָן געשטעלט ווערן בכלל אונטער אַ פראַגע-צייכן די מעגליכקייט און לעבענס-פעהיגקייט פון דער נאַצ.-פערס.-אַווטאָנאָמיע גופא. נאָר די אָנגעמערקטע פאָרם פון שטאַטס-סעקרעטאַריאַט קאָן פאַרזיכערן די פרייע און ניט געשטערטע אַנטוויקלונג פון דער נאַצ.-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע.

---

# דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט און די דירעקטאָריע.

## (די פאַרהאַנדלונגען וועגן דער פראַגע פון אידישער אַווטאָנאָמיע)

### I.

### 1. די באַציהונגען מיט דער „ראַדאַ קאָמיסאַריוו".

דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט איז אויסגעקומען צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער אוקראַינישער רעפובליקאַנער רעגירונג אין משך פון איר לערך צוויי-מאָנאַטליכער ממשלה—סיי וועגן די פראַגען פון אידישער אַווטאָנאָמיע און איר גורל, אַזוי אויך וועגן די פאָגראָם-געשעהענישן אין אוקראַינע. די באַציהונגען וועגן דער פאָגראָם-פראַגע געהען אין דעם אַרטיקל ניט אַריין. דאָ ווערן איבערגעגעבן בלויז יענע פאַרהאַנדלונגען, וועלכע טראָגן אַ ריין פּאָליטישן כאַראַקטער—וועגן דער אָפיציעלער אנערקענונג פון די אידישע פאַרשטעהערשאַפטס-אָרגאַנען אין אוקראַינע און וועגן זייער אנטייל אין דער אוקראַינישער רעגירונג. די דאָזיגע אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן אין מיטן דעקאַבר 1918 און האָבן געדויערט ארום דריי וואָכן, ווען זיי זיינען נאָך דער באַשטימונג פון א. רעוואוצקי אלס מיניסטר פאַר אידישע ענינים איבערגעריסן געוואָרן.

דער נאצ. סעקרעטאַריאַט האָט אָנגעהויבן זיין טעטיגקייט אין דער צייט פון העטמאַנישן רעזשים. אין די ראַמען פון אַזאַ רעזשים איז פאַרן נאַצ. סעקרעטאַריאַט, וועלכער האָט זיך דורכאויס געשטיצט אויף ד ע מ אָ ק ר א ט י ש ע פּרינציפּן, פּאַקטיש געווען אונמעגליך צו ערפילן זיינע אויפגאַבען—פאַרצושטעלן כלפּי-הוץ די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פונם אוקראַינער אידענטום און אנפירן מיט דעם קאַמף פאַר דער אנערקענונג פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע. און דעריבער איז דער נאצ. סעקרעטאַריאַט—פאַר די כמעט פינף וואָכן פון זיין עקזיסטענץ. ביז דער העטמאַנישער רעזשים איז געפאַלן—אין קיין שום פאַרהאַנדלונגען מיט דער העטמאַנישער רעגירונג ניט געקומען.

די רעפובליקאַנער דירעקטאָריע, וועלכע האָט אויפגעהויבן דעם אויפשטאַנד געגן העטמאַן אין מיטן נאָיאַבר 1918, האָט ארויסגעשטעלט נייע פּאָליטישע פּרינציפּן פון פאָלקס-הערשאַפט, און צוזאַמען מיט דעם האָט זי אויך פאַרזיכערט, אַז זי אַנערקענט די רעכט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אין ארי

ערשטן אויפרוף „צו דער רוסישער, אידישער און פוילישער דעמאָקראַטיע אין אוקראינע" האָט די דירעקטאָריע ערקלערט, אַז אין די ערשטע טעג פון איר ממשלה וועט זי „אויפשטעלן דעם געזעץ פון נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע פאַר די פעלקער פון אוקראינע".

דאָס האָט געעפענט נייע פערספעקטיוון פאַר דער בויאונג פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע, וועלכע די העטמאַנישע רעגירונג האָט אָפּגעשאַפט, און דער נאצ. סעקרעטאַריאַט האָט דעריבער באַשלאָסן צו שטעלן זיך אויפן צד פון דער רעפּובליקאַנישער מאַכט און קומען מיט איר אין אַ פאַרבינדונג בנוגע די אידישע ענינים אין אוקראינע.

מיט איינִיגע טעג פריהער פאַר דעם אנקומען פון דער דירעקטאָריע קיין קיעוו זיינען צווישן דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט, פון איין זייט, און די פאָרשטעהער פונם „אוקראינישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד"—פונם צווייטן—געפירט געוואָרן אונטערהאַנדלונגען וועגן די געגענזייטיגע באַציהונגען מצד די אָנפירענדע אָרגאַנען פונם אוקראינישן און אידישן פאלק אין דער נייַ געשאַפענער רעפּובליק. די דאָזיגע פאַרהאַנדלונגען האָבן אָבער געטראָגן טיילווייז אַ פריוואַטן און אַ פ א ר ב א ר ײ ט ו נ ג ס כאַראַקטער.

אין די ערשטע טעג פון דער נייער מאַכט, איידער די דירעקטאָריע איז אריינגעטראָטן אין קיעוו, איז דער צייטווייליגער רעגירונגס-אָרגאַן געווען די ראַדע פון קאָמיסאַרן („ראדא קאמיסאריוו"), וועלכע האָט זיך געבילדעט כמעט אויסשליסליך פון פאָרשטעהער פונם „אוקראינישן נאַציאָנאַלן פארבאנד", וואָס האָט אין יענעם פעריאָד געשפּילט די אנפירענדע ראָלע. דעם 16 דעקאַבר 1918, אויף מאָרגן נאָכן אריינקומען פון דעם רעפּובליקאַנער חיל אין קיעוו, האָבן זיך צום „דערזשאַוונעם סעקרעטאַר" פון דער קאָמיסאַרן-ראַדע, צו א. קאָרטשינסקי, געווענדעט וו. טיאָמקין און א. קאפלאן אינם נאָמען פונם נאַציאָנאַלען סעקרעטאַריאט מיט א ב א ג ר י ס ו נ ג צו דער רעפּובליקאַנער מאַכט, דערביי האָבן זיי צוגעשטעלט די פאָלגענדע שריפטליכע מעלדונג:

„דער אידישער נאצ. סעקרעטאַריאט, וועלכער האָט ביז איצט ניט געפונען פאַר מעגליך אריינצוטרעטן אין וועלכע עס איז פארהאנדלונגען מיט דער פריהערדיגער רעאקציאנערער העטמאַנישער מאַכט, געפינט איצט פאַר זיין חוב קומען אין א לעבהאפטער פאַרבינדונג מיט דער רעגירונג פון דער אוקראינישער דעמאָקראַטיע און באצייטענס מודיע זיין דער נייער רעגירונג וועגן די געשאַפענע פאַר דער לעצטער צייט צענטראלע אידישע נאַציאָנאלע אָרגאַנען, וועלכע דרקן אויס דעם ווילן פון דער אידישער נאציע אין אוקראינע—ביז די אידישע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אין אוקראינע וועט צונויפגערופן ווערן".

די צושריפט גיט נאכהער איבער די פאַקטן וועגן דער ערשטער סעסיע פון דער צייטווייליגער נאצ. פארזאַמלונג און וועגן דעם אויסגעוועהלטן אויספיר-אָרגאַן—דעם נאציאנאלן סעקרעטאריאט, רעכענט אויס דעם באַשטאַנד פון סעקרעטאַריאַט און פאַרענדיגט:

„מעלדענדיג וועגן דעם דער אוקראַינער פאָלקס-רעגירונג, בעט דער נאַצ. סעקרעטאריאט צו פאראָרדנען, אז אלע אידישע ענינים, וואָס געפינען זיך אין די מיניסטעריומס, זאָלען איבערגעשיקט ווערן צו אים, אלס צום געזעצליכן פאָרשטעהער פון דער אידישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע. דער איד. נאצ. סעקרעטאריאט בעט אויך צו פאראָרדנען, אז מע זאָל איהם איבערגעבן אלע ארכיוון פונם געוועזענעם אידישן מיניסטעריום“.

די דעלעגירטע פונם נאצ. סעקרעטאריאט—וו. טיאָמקין און א. קאפלאן האָבן דערביי געהאַט א לענגערן געשפרעך מיט א. קאָרטשינסקין. אין געשפרעך האָבן זיי אָנגעוויזן, אז די אוקראַינישע מאַכט דאַרף גלייך, אלס איינע פון אירע ערשטע אקטן, צוריק אויפשטעלן דעם געזעץ וועגן נאַצ.-פער-סאָנאַלער אווטאָנאָמיע און רעאַל דורכפירן אים אין לעבן. שטעלענדיג זיך אויף דעם וועג פון אנערקענען די אידישע אווטאָנאָמע רעכט, וועט זי מוזן אויך אנערקענען די שוין אויסגעוועהלטע העכסטע אָרגאַנען פון דער אידישער אווטאָנאָמיע—אמת די צייטווייליגע, ביז דער אידישער גרינדונגס-פארזאַמלונג. עס וואָלט געווען פאָליטיש אונלאגיש—אנערקענען פון איין זייט די אווטאָנאָמע רעכט פון דער אידישער באפעלקערונג, און פון דער צווייטער —ר׳עסטאווירירן, אלס א טייל פונם אלגעמיינעם מלוכה׳שן אפאראט, דעם געוועזענעם אידישן מיניסטעריום, אן ארגאן, וועלכער ווערט באשטימט און ניט אויסגעוועהלט.

דער דערזשאַוונער סעקרעטאַר א. קארטשינסקי האָט אויף דעם געגענ-פערט, אז לויט זיין מיינונג וועט די „קאָמיסאַרן-ראַדע“ בכלל, אלס א צייט-ווייַליגער ממלא מקום פון דער דירעקטאָריע, ניט וועלן נעמען אויף זיך די אחריות און באשליסן אזא פרינציפיעלע פראַגע, ווי די אנערקענונג פון א נייעם אידישן געוועהלטן אָרגאַן. פאר דער ראדע איז לייכטער צו „רעס-טאווריר'ן“ דאָס, וואָס דער העטמאן האָט הרוב געמאַכט, און בתוכם אויך דעם פריהערדיגן אידישן מיניסטעריום. אָבער, אלס קאָמפראָמיס, כדי שוין צו שאפן די נויטיגע פארבינדונג, לעגט ער פאָר, ס׳זאָל דערווייל באַשטימט ווערן א קאָמיסאר איבער דעם אויפגעשטעלטן אידישן מיניסטעריום און אז דעם קאַנדידאט פאר דעם פאסטן זאָל אָנגוויזן—דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט.

דער נאצ. סעקרעטעריאט האָט באהאנדעלט דעם געמאכטן פארשלאג אויף זיין זיצונג דעם זעלבן טאָג, 17 דעקאבר, און האָט באשלאָסן: ניט איינ-געהן אויף קיינע פשרות אין דער פראַגע און פראָטעסטירן, אויב דער אידי-שער מיניסטעריום וועט אויפן אַלטן שטייגער רעסטאווירט ווערן און וועט פאַרנעמען דעם אָרט פונם געזעצליכן פאָרשטעהער-אָרגאַן. כדי צו שאַפן אבער באלד די נויטיגע פאַרבינדונג, איז דער נאצ. סעקרעטאריאט גרייט צו גיבן זיין קאנדידאט, אלס א צייטווייליגן פארמיטלער צווישן דער נייער מאכט און דעם אידישן אווטאָנאָמען אָרגאַן. צוליב דעם צוועק ווערט פאָר-

געלעגט דער „קאָמיסארן-ראדע״ אָנצונעמען אין דעם זין א באַשלוס, וועלכער דאַרף אזוי פארמולירט ווערן: „לויט דעם פארשלאג און אויסוואל פונם איד. נאצ סעקרעטאַריאַט, ווערט באַשטימט (דער און דער) אלס צייטווייליגער קאָמיסאר פאר אידישע ענינים, וועמעס אויפגאבע איז: שאפן א קאָנטאַקט צווישן דער קאָ-מיסאַרן-ראדע און דעם העכסטן אווטאָנאָמען אָרגאן פון דער אידישער נאציע אין אוקראַינע״ (פּראָטאָקאָלן פונם נ. ס. 17 דעקאבר 1918).

די „קאָמיסארן-ראדע״ האָט אָבער אליין ניט געוואָלט באַשטימען אפילו דעם דאזיגן איבערגאנגס-פּלאן און האָט די זאַך אָפּגעלעגט ביז די דירעקטאָריע וועט קומען.

## II.

## די באַגריסונג צו דער דירעקטאָריע.

דעם 19-טן דעקאבר איז די דירעקטאָריע אריינגעטראָטן אין קיעוו· דער נאצ. סעקרעטאריאט האָט גענומען אן אנטייל אין דער באַגעגעניש פון דער דירעקטאָריע אויפן וואָקזאַל, וואו מען האָט די דריי פאָרשטעהער פון דעם נ. ס.—י. גרינפעלד, וו. סיאָמקין און מ. קליינמאן געגעבן אן אָרט אלס די פאַרטרעטער פון דער אידישער נאציע אין אוקראַינע. די דעלעגאציע פונם נ. ס. האָט פארגעלעזן פאר די אָנגעקומענע מיטגלידער פון דער דירעקטאָריע די פאָלגענדע באגריסונג, וואָס ענטהאַלט אויך א רייהע וויכטיגע פאָדערונגען:

„דער אידישער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט אויף אוקראַינע באַגריסט אין אייער פערזאָן דאָס אוקראַינישע פאָלק, וואָס איז אויפגעשטאַנען געגן דעם רעאַקציאָנערן העטמאַנישן דעספּאָטיזם און געגן פאַרשקלאַפן דעם פאָלק, וואָס שטרעבט איצט מיט אַ זעלטענער אָפּפערפעהיגקייט צו פאַרווירקליכן זיין נאַ-ציאָנאַל-היסטאָרישע אידעע. די אידישע נאַציע, וואָס שטעהט איצט אויף צו אַ ניי לעבן אין גלות, און אויך אין איר היסטאָרישער היימאַט—אין ארץ-ישראל,—האָט שטענדיג זיך באַצויגן צו דער אוקראַינישער באַפרייאונגס-באַוועגונג מיט אַ האַרצליכן מיטגעפיהל, זעהענדיג אין דער באַוועגונג אַ בולט׳ן מוסטער פון נאַ-ציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג.

„דער היסטאָרישער גורל, וואָס האָט פאַרבונדן דאָס אוקראַינישע פאָלק מיטן אידישן, דיקטירט מיט דער גאַנצער קראַפט אַן אַלזייטיגע און ערנסטע מיטאַרבעטערשאַפט פוןביידע פעלקער אינם מלוכה-לעבן און עקאָנאָמישן לעבן פונם לאַנד, צום גונסטן פון גאַנץ אוקראַינע. די פולע פאַרווירקליכונג פון דער נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע איז די בעסטע גאַראַנטיע פאַרן ווייטערדיגן פריינדליכן צוזאַמענלעבן פון די פעלקער אין דער אוקראַינישער רעפּובליק.

„די קורצע הערשאַפט פון דער רעאַקציע אויף אוקראַינע האָט זיך אויפן געביט פון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק אויסגעצייכענט מיט דער פולער רעסטאַווראַציע פונם צאַרישן רעזשים: ס׳איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דער געזעץ, וועלכער האָט

גאַראַנטירט די רעכט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, ס'איז ליקווידירט געוואָרן דאָס אידישע מיניסטעריום, ס'זיינען געשטעלט געוואָרן אַ רייהע שטערונגען אויפן וועג פון דער פרייער אַנטוויקלונג פון די דעמאָקראַטישע קהלות א. א. וו. דאָס אידענטום האָט קלאָר און שאַרף פּראָטעסטירט געגן די גוואַלדטאַטן, האָט צונויפגערופן די צייטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, אין וועלכער ס'האָבן אַנטייל גענומען אַלע פאַרטייען פונם אוקראַינישן אידענטום, האָט אויסגעטיילט פון זיך אַ נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט, דעם העכסטן אָרגאַן פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע אויף אוקראַינע—בכדי מיט אייגענע כחות צוריק אויפצושטעלן דעם צעשטערטן בנין פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע.

„דער אידישער נאַצ. סעקרעטאַריאַט, וואָס שטיצט זיך אויף די דעמאָקראַטישע קהלות און אויפן וואָטום פון פאָלק, איז ניט מסופק אין דעם, אַז די רעפּובליקאַנישע רעגירונג וועט אים אַלזייטיג מיטהעלפן כדי דורכצופירן אין לעבן די פאַראַנטוואָרטליכע אויפגאַבן, וועלכע די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האט אויף אים אַרויפגעלעגט. דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט האָפט, אַז ער וועט געפינען אַ געמיינזאַמע שפראַך מיט דער רעפּובליקאַנישער מאַכט, וועלכע איז געבילדעט אויף דעמאָקראַטישע יסודות. באַזונדערס צוליב דעם, וואָס די געמיינזאַמע טעטיגקייט וועט ווערן אַן אָרגאַנישע פאָרטזעצונג פון די פריינטליכע באַציהונגען, וועלכע זיינען געשאַפן געוואָרן צווישן ביידע פעלקער ניט נאָר פאַר דער צייט פון דער אַרבעט אין דער צענטראַלער ראַדע, נאָר פיל פריהער,—ביים געמיינזאַמען קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג אויף דער טעריטאָריע פון מערב-אוקראַינע, אין גאַליציע.

„דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט, וואָס גרייט צו דאָס צונויפרופן פון דער אידישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, געפינט פאַר זיין חוב אונטערצושטרייכן, אַז פון איצט אָן עקזיסטירט אויף אוקראַינע אַ געזעצליכע נאַציאָנאַלע פאָרשטעהערשאַפט פון אידישן פאָלק, וועלכע פאַרקערפּערט אין זיך די אידעע פון פאָלקס-הערשאַפט.

„באַגריסענדיג דעם אַוואַנגאַרד פון דער באַפרייענדער פאָלקס-ארמיי, דריקט אויס דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט די האָפנונג, אַז דאָס פרייע צוזאַמענלעבן פון די גלייכבאַרעכטיגע פעלקער וועט פאַרווירקליכט ווערן אין דער פולער מאָס".

III.

## דער ערשטער באַזוך ביי וו. ווינישענקא.

אין עטליכע טעג אַרום נאָכן קומען פון דער דירעקטאָריע—דעם 22-טן דעקאַבר—האָבן די פאָרשטעהער פונם נאַצ. סעקרעטאַריאַט—א. קאַפלאַן, מ. קליינמאַן און מ. שוואַרצמאַן באַזוכט וו. ווינישענקא'ן, דעם פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע, און האָבן מיט אים געהאַט אַ דויערענדן, ביי אַ שעה צייט, געשפרעך וועגן דער לאַגע פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע. די פאָרשטעהער פון נ. ס. האָבן

אים באַקאַנט געמאַכט אין אַלגעמיינע שטריכן מיט דער געשיכטע און צושטאַנד פון די אידישע אַווטאָנאָמע אָרגאַנען פון נאָך דעם אידישן מיניסטעריום. זיי האָבן אָנגעוויזן, אַז עס איז פאַר דער צייט געשאַפן געוואָרן דער געזעצגעבערישער אָרגאַן—די צייטווייליגע נאַצ. פאַרזאַמלונג, די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט געשאַפן דעם אויספיר-אָרגאַן—דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט. איצט דאַרף באַשאַפן ווערן דער פאַרמיטלונגס אָרגאַן צווישן דעם אידישן אַווטאָנאָמען קאָלעקטיוו און דער נייער רעגירונג. אַזאַ פאַרבינדונג קאָן געשאַפן ווערן דורך אַ שטאַטס-סעקרעטאַר פאַר אידישע ענינים, וועלכער דאַרף זיין אויסגעוועהלט פון די אַנשטאַלטן פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע. דער אידישער שטאַטס-סעקרעטאַר טראָגט ניט די אַחריות פאַר דער אַלגעמיינער פאָליטיק פונם קאַבינעט און האָט באַשטימונגס-רעכט בלויז אין די אידישע פראַגען. פריהער פאַר אַלץ אָבער מוז גלייך צוריק אויפגעשטעלט ווערן דער געזעץ וועגן נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע.

אין זיין ענטפער אויף דער מעלדונג האָט וו. וויניטשענקא ערקלערט, אַז די דירעקטאָריע האָט דעם געזעץ וועגן נאַצ.-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע שוין אויפגעשטעלט און דאָס וועט די טעג אָפיציעל פאַרעפענטליכט ווערן. ער איז פרינציפיעל מסכים, אַז די אידישע אווטאָנאָמיע דאַרף געבויט ווערן פון אונטען. ער קאָן אָבער ניט מסכים זיין מיטן שטאַנדפונקט פונם נאַצ. סעקרעטאַריאַט בנוגע די פאָרמען פון אַנטייל אין דער רעגירונג. ער איז גרייט צו אַנערקענען די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, אַלס דעם געזעצגעבערישן אָרגאַן, און דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט, אַלס דעם קאָנסטיטוציאָנעלן אויספיר-אָרגאַן. ער קאָן אָבער ניט צושטימען, אַז די ראָלע פונם פאַרבינדונגס-אָרגאַן זאָל שפילן דער „שטאַטס-סעקרעטאַר” אין דעם פאָרם, ווי די פאָרשטעהער פונם סעקרעטאַריאַט האָבן עס פאָרגעלעגט. „אינם אוקראַאינישן קאַבינעט,—האָט ער געזאָגט,—מוז זיין אַ אידישער מיניסטער, וועלכער זאָל טראָגן די אַחריות פאַר דער אַלגעמיינער פאָליטיק פון קאַבינעט און זאָל אויך זיין פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער רעגירונג בנוגע דער טעטיגקייט פון די אידישע אַווטאָנאָמע אָרגאַנען. ניט אַזוי איז וויכטיג, עס זאָל זיין אַ אידישער מיניסטעריום, די ראָלע פון וועלכן קאָן פאַקטיש אויספילן דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט, ווי גראַד ס'זאָל זיין אַ אידישער מיניסטער, אַ מיטגליד פון קאַבינעט. נור אויף אַזאַ אופן קאָן געשאַפן ווערן דער וועג פאַר אַ געמיינזאַמער בויאונג פון דער נייער אוקראַאינישער מלוכה”.

די פאָרשטעהער פונם נאַצ. סעקרעטאַריאַט האָבן אויפגעוויזן וו. וויניטשענקאָ'ן, אַז די דירעקטאָריע שטעלט זיך אויף אַ פאַלשן פרינציפיעלן באָדן אין דער פראַגע. דער מהות פון דער נאַצ.-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע באַשטעהט אין דעם, וואָס די ענינים, וועלכע זיינען נוגע דער נאַציאָנאַליטעט, ווערן אויסגעטיילט פונם כלל אַלגעמיינע מלוכה'שע ענינים און געהען אַריבע

צו די אָרגאַנען פונם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. די לעצטע אָרגאַנען זיינען קאָמפּעטענט און פאַראַנטוואָרטליך בלויז אין די ריין-נאַציאָנאַלע פראַגען. דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט איז ניט באַרופן און האָט קיין שום רעכט ניט אויסצודריקן די מיינונג פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אין אלגעמיין פּאָליטישע און מלוכה׳שע ענינים, ער איז באַפולמאַכט צו רעדן בלויז וועגן אירע נאַציאָנאַלע אינטערעסן און פאָדערונגען, וואָס שטיצן זיך אויף די החלטות פון די נאַציאָנאַלע פאַרטרעטונגס-אָרגאַנען.

שטרעבענדיג צו געפינען פאָרט אַ וועג, ווי צו קומען צו אַ פשרה מיט דער געוועהלטער אידישער פאָרשטעהערשאַפט, האָט וויניטשענקאָ פאָרגעלעגט פאלגענדעם פּלאַן: דער אידישער מיניסטער—איז אַ פולבאַרעכטיגער מיטגליד פון דער אוקראַאינישער רעגירונג; אין די נאַציאָנאַלע ענינים—איז ער דער פאָרשטעהער פונם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און איז פאַר אים פאראנטוואָרטליך, און אין די אַלגעמיינע פּאָליטישע ענינים—טראָגט ער גאָר פערסאָנאַלע אחריות. אויב דער נאַצ.-סעקרעטאַריאַט איז גרייט אויף דעם פשרה-פּלאַן איינגעהן, דאַן לעגט וויניטשענקאָ פאָר גלייך אָנצורופן אַזאַ קאַנדידאַט פאַר אַ אידישן מיניסטער, וועלכער זאָל פערסאָנאַל גרייט זיין זיך אונטערצושרייבן אונטער דער דעקלאַראַציע, וועלכע די דירעקטאָריע האָט בדעה די טעג צו פאַרעפענטליכן. דערביי האָט וויניטשענקאָ איבערגעגעבן דעם נ. ס. אַן אָפּגעדרוקטן פּראָעקט פון דער דעקלאַראַציע און האָט געבעטן אין די נאָהענטסטע טעג געבן דעם ענטפער. ניט באַרירענדיג אין תוך די פּרינציפּן פון דער דעקלאראציע, האָבן די פאָרשטעהער פונם נ. ס. אויף וויניטשענקאָ׳ס פאָרשלאַג אויפן אָרט געענטפערט ריין פאָרמעל: אלס קאָלעגיע קאָן דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט בכלל ניט באהאנדלען די פאָרגעלעגטע פּאָליטישע דעקלאַראַציע, ווייל ער איז ניט באַרופן צו לעזן אַלגעמיין-פּאָליטישע פראַגען; דאָס איינציגע וואָס ער קאָן—איז איבערגעבן די פראַגען און דעם פאָרשלאַג צו די פאַרשידענע פראַקציעס, וואָס געהען אַריין אין דעם באשטאנד פונם נ. ס., כדי זיי זאָלן ענטפערן, צי געפינט פאַר מעגליך איינע פון די פראַקציעס געבן איר קאַנדידאַט אין קאַבינעט ביי די פאָרגעלעגטע באַדינגונגען.—מיט דעם האָט זיך דער געשפּרעך געענדיגט.

גלייך נאָך דעם האָט דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט איבערגעגעבן דעם פּראָעקט פון דער דירעקטאָריעס דעקלאַראַציע און וויניטשענקא׳ס פאָרשלאַג צו די פראַקציעס. וואָלט איינע פון די פראַקציעס, וועלכע זיינען פאָרגעשטעלט אינם נאַצ. סעקרעטאַריאַט, וועלן איינגעהן אויף דער פשרה פון אַ פערסאָנאַלן קאַנדידאַט אין קאַבינעט, וועלכער זאָל זיך חתמ׳נען אונטער דער דעקלאראציע, וואָלט דער פאָרטפעל פון אידישן מיניסטר אַריבער, לויט וויניטשענקאָ׳ס פאָרשלאַג, צו א פארשטעהער פון די פארטייען פון דער נאַצ. פארזאמלונג. קיין איין פראקציע אבער האָט ניט געקאָנט איינגאנצן אונטערשרייבן זיך אונטער

דער דעקלאראציע, באזונדערס אונטער יענעם ערשטן פּראָעקט פון דעקלאראציע, וועלכן חיניטשענקאָ האָט איבערגעגעבן דעם נאצ. סעקרעטאַריאט. דער דאָזיגער ערשטער פּראָעקט, אָפּגעדרוקט נאָך אין ווינינצע און דאטירט מיטן 16 דעקאבער 1918, אָבער נאָך ניט פארעפענטליכט, אונטערשיידעט זיך גאנץ גרינדליך פון דעם ענדגילטיגן טעקסט, וואָס איז אָפיציעל פארעפענטליכט געוואָרן שפּעטער—דעם 26 דעקאַבער. ניט בלויז איבער פאָרמעלע טעמים, נאָר אפילו אין תוך איז יענע דעקלאַראַציע ניט געווען אָנגעמבאר פאר די פראקציעס. און גראד ניט צוליב דעם טייל, וואו עס ווערן פּראָקלאמירט נייע גרינדליכע סאָציאלע ענדערונגען אין אוקראינע, נאָר צוליבן טייל, וואו עס ווערן דורכגעפירט נייע פּאָליטישע פרינציפּן אינ׳ם מלוכה-לעבן און אויך צוליב דעם נאציאָנאלן פּונקט: די דעקלאַראציע האָט אין תוך געלייקענט דעם פּרינציפּ פון פאָלקס-מאכט, פון דעמאָקראטיזם, און האָט פּראָקלאמירט בלויז דעם פּרינציפּ פון קלאסן-מאכט (פּויערטום און טיילווייז שטאָט-פּראָלעטאריער) מיט דעם, וואָס זי האָט ארויסגעשטעלט דעם ארבעטס-קאָנגרעס—אלס געגענזאץ צו דער גרינדונגס-פארזאמלונג מיט אלגעמיינע וואלן. און אויסער דעם: די ערטער אין דעם ארבעטס-קאָנגרעס זיינען געווען (אין דעם ערשטן פּראָעקט) אזוי פאנאנדערגעטיילט, אז די שטעט בכלל און באזונדערס די אידישע איינוואוינער פון די שטעט (דאָס לעצטע, אפשר, אהן א כונה) האָבן קיין פאָרשטעהערשאפט אינם קאָנגרעס כמעט ניט געהאט, און אויף אזא אופן זיינען אידן פאקטיש געווען אויסגעשלאָסן פון דער אלגעמיינער פאָרשטעהערשאפט (עס זיינען געווען פּראָעקטירט 350 פלעצער פארן פּויערטום, 150 פאר די סאָלדאטן און 58 פאר פאבריק-ארבייטער). עס האָט געשיינט צו זיין געפערליך אויך דער געדאנק פון דעם פּראָעקט, וועלכער האָט שפּעטער אזוי אָפט פיגורירט אין די אפיציעלע אוקראינישע שאָוויניסטישע אויסגאבען, אז די „ניט-אוקראינישע" עלעמענטן אין לאנד זיינען „שונאים פון דער אוקראינער רעפּובליק" און ברענגען איר שאָדן. און ספּעציעל איז געווען צו באוואונדערן, וואָס אין פּראָעקט פון דער דעקלאראציע איז מיט קיין וואָרט ניט געווען דערמאָנט וועגן אויפשטעלן די נאציאָנאל-פּערסאָנאלע אווטאָנאָמיע. דערום האָבן אלע פראקציעס פונ׳ם נאצ. סעקרעטאריאט זיך ארויסגעזאָגט געגן ווינישענקאָ׳ס פּאָרשלאג און ניט געפונען פאר מעגליך אָנצורופן זייערן א קאנדידאט פאר א אידישן מיניסטער אינ׳ם אוקראינישן קאבינעט.

אין איינעם פון די דאָזיגע טעג, ווען די פראקציעס און דער נ. ס. האָבן לעבהאפט באהאנדעלט די פראגע, האָט זיך אין קאנצעלאריע פונ׳ם נ. ס. באַקומען אַ אָפיציעלע מעלדונג פון „מיניסטעריום פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטען", געחתמעט פון ה. גאָלדעלמאַן (דעם פּועלי-ציוניסטישן טוער) וועגן דעם, אַז ער איז באַשטימט פאַר דעם צייטווייליגן פאַרוואַלטער פון דעם

דאָזיגן מיניסטעריום און איז וועגן דעם מודיע דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט *).
צי איז אין דעם געווען אַ געוויסע כּונה—אַ „באַפעל" צו פאַרבינדן זיך מיט דעם מיניסטעריום, אָדער קיין כּונה איז דא ניט געווען, איז ניט באַוואוסט. דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט האָט אויף זיין זיצונג דעם 23 דעקאַבר אויסגעהערט די דאָזיגע מעלדונג און באַשלאָסן: „אויסהערענדיג דעם בריף פונב „מיניסטר פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן" ה. גאָלדעלמאַן, געהט דער נ. ס. אַריבער צום סדרהיום פון דער זיצונג."

IV.

## דער צווייטער באַזוך.

אין עטליכע טעג אַרום—דעם 24 דעקאַבר האָבן די דערמאָנטע פאָר־שטעהער פונם נאַצ. סעקרעטאַריאַט צום צווייטן מאָל באַזוכט ווינישענקאָ'ן. א. קאַפלאַן, מ. קליינמאַן און מ. שוואַרצמאַן האָבן געבראַכט דער דירעק־טאָריע דעם נעגאַטיוון ענטפער פון די פראַקציעס. די פראַקציעס, וועלכע האָבן צו יענער צייט אַרויסגעזאָגט זייער מיינונג, האָבן געפונען, אַז דער שטאַנדפונקט פונם נ. ס. וועגן אַ שטאַטס־סעקרעטאַר איז פּרינציפּיעל פאָלקאָם אַ ריכטיגער. דערבייַ האָבן די פראַקציעס אַרויסגעשטעלט די תּנאים, בייַ וועלכע זייערער אַ קאַנדידאַט וואָלט דאָך געפונען פאַר מעגליך אַרייַן אין קאַבינעט, נעמענדיג אויף זיך אין געוויסן זין די אַחריות פאַר דער אַלגע־מיינער פּאָליטיק פון דער אוקראַינישער רעגירונג — אַרייַן בלויז אַלס פאַר־מיטלער צווישן דער רעגירונג און דעם אידישן נאַצ. סעקרעטאַריאַט אין דער איבערגאַנגס־צייַט. די דאָזיגע תּנאים זיינען: די רעגירונג זאָל אָננעמען דעם פּרינציפּ פון אַ דעמאָקראַטיש אויסגעוועהלטער מאַכט— דורך דער אַלאוקראַינישער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, און דער אַרבעטס־קאָנגרעס זאָל אַנערקענט ווערן בלויז אַלס אַ פאָרפאַרלאַמענט; עס זאָל פאַרברייטערט ווערן די באַזע פונם אַרבעטס־קאָנגרעס און אין אים זאָלן אַרייַנגענומען ווערן אויך פאָרשטעהער פון די דעמאָקראַטישע זעלבסטפאַרוואַלטונגען—אַלגעמיינע שטאָטישע, זעמסקע און אויך פון די אידישע קהלה־ראַטן; נעמענדיג אין באַטראַכט די ספּעציפישע אידישע סאָציאַלע סטרוקטור, זאָלן דאָס רעכט צו שיקן פאָרשטעהער אין קאָנגרעס האָבן ניט נאָר די אַרבעטענדע עלעמענטן פון דאָרף, נאָר אויך די שטאָט־עלעמענטן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פראַצע, ווי אויך די אַרבעטענדע אינטעליגענץ, און ועך כּולם — עס זאָל אין דער דעקלאַראַציע קלאָר און דייַטליך געזאָגט ווערן וועגן דער צוריקאויפשטעלונג פון דער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, עס זאָל אויך געענדערט ווערן די אָהולנע כאַראַקטעריסטיק פון די „ניט־אוקראַינישע עלעמענטן" אַלס פייַנט פון דער נייער רעפּובליק.

*) נאָך פריהער דעם 19 דעקאַבר האָט דער נ. ס. באַקומען אַ דעפּעשע פון ווינניצע, געחתמעט אויך פון ה. גאָלדעלמאַן, אַז אַזאַ מיניסטעריום איז געגרינדעט געוואָרן און אין גיכן וועט באַשטימט ווערן אויך אַ מיניסטר פאַר אידישע ענינים.

אויף דער דאָזיגער מעלדונג האָט וו. ווינישעווסקאָ געענטפערט, אַז אַ טייל פון די פאָרגעלעגטע תנאים איז ער תיכף גרייט אָנצונעמען, היינו: דעם פונקט וועגן דער נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, וועלכע וועט אַריינגעשטעלט ווערן אין דעקלאַראַציע, און אויך וועגן פאַרברייטערן די באַזע און צולאָזן אין קאָנגרעס די שטאָטישע און אינטעליגענטע אַרבייטענדע עלעמענטן (אין דער פאַרעפענטליכער דעקלאַראַציע זיינען די דאָזיגע פונקטןווירקליך אַריינגעשטעלט געוואָרן לויט'ן צוזאָג). ער וועט אָבער בשום אופן ניט איינגעהן אויף דעם פונקט וועגן דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג מיט דער סיסטעם פון אַלגעמיינע וואַלן, אַלס דעם העכסטן אָרגאַן. אַלס ענטפער אויף דער קאַטעגאָרישער פאָדערונג מצד דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט וועגן אָנערקענען דעם אידישן שטאַטס-סעקרעטאַר, אַלס פאַרבינדונגס-אָרגאַן צווישן דער רעגירונג און דעם אידישן אַווטאָנאָמען קאָלעקטיוו, האָט ווינישעווסקאָ פאָרגעלעגט, אַז דער נ. ס. זאָל די פראַגע איבערגעבן ענדגילטיג צו באַשליסן דער קליינער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג (דער „קליינער ראַדע"), וואוהין עס געהען אַריין פאָרשטעהער פון אַלע פאַרטייען. דערביי האָט אָבער ווינישעווסקאָ צוגעגעבן, אַז לויט דער אינפאָרמאַציע, וועלכע די פאָרשטעהער פון די אידישע לינקע פאַרטייען האָבן געגעבן, שפיגעלט די קליינע נאַצ. פאַרזאַמלונג ניט אָפּ ריכטיג דעם ווילן פון דער אידישער באַפעלקערונג, אַז „די מערהייט פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג איז געשטימט רעאַקציאָנער", אַז זי איז אויסגעוועהלט „ניט אויף דעמאָקראַטישע יסודות, נאָר לויט אַ צוויי-גראַדיגער וואַל-סיסטעם *). די פאָרשטעהער פונ'ם נאַצ. סעקרעטאַריאַט האָבן געענטפערט אויף די ווערטער מיט אַ פינקטליכער אינפאָרמאַציע וועגן דעם, ווי אַזוי די נאַצ. פאַרזאַמלונג איז אַנטשטאַנען, וועגן די וואַלן פון אירע מיטגלידער און אַז. וו. זיי האָבן ווייטער אָנגעוויזן, אַז דער קאַמף אויף דער נאַצ. פאַרזאַמלונג איז געפירט געוואָרן ניט אַרום די סאָציאַלע פראַגען, נאָר אַרום די ריין נאַציאָנאַלע. דערביי האָבן זיי צוגעגעבן, אַז ביי די הערשענדע שטימונגען אין די רייהען פון די אידישע לינקע פאַרטייען איז זעהר מעגליך, אַז די דאָזיגע פאַרטייען זאָלן אַרויסגעהן פונ'ם באַשטאַנד פון דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג, און דאַן וועלן די מערהייטס-פראַקציעס די געשטעלטע פראַגען באַשליסן. אויף דעם האָט ווינישעווסקאָ געענטפערט: „אויב דער אַרויסטריט פון די לינקע וועט ווירקליך פאַסירן, וועט עס זיכער שווערער מאַכן צו באַשליסן אונזער ענין".

די פראַגע איז אלזא אַריבער צו דער קליינער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. דעם 30 דעקאַבר איז פאָרגעקומען איר ערשטע זיצונג. אויף דער זיצונג האָבן די סאָציאַליסטישע פאַרטייען ערקלערט, אַז זיי טרעטן אַרויס פון דער

*) עס איז דערביי ניט איבריג צו דערמאָנען, אַז די וואַלן אין צרבעטס-קאָנגרעס, באַזונדערס ווי ער איז צונויפגעשטעלט געוואָרן לויט דער דירעקטאָריע פראָעקט, זיינען געווען דורכאויס צוויי-גראַדיגע און ערטערווייז אפילו — דריי-גראַדיגע...

נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. דער „בונד“ האָט עס געמאָלדן מינדליך אין אַ רעדע, וועלכע מ. ראַפעס האָט געהאַלטן אויף דער זיצונג, די „פאַראייניגטע“ און „פועלי ציון“ — שריפטליך אין בריף, וועלכע זיינען אויף דער זיצונג פאַרעפענטליכט געוואָרן.

די קליינע נאַצ. פאַרזאַמלונג האָט אויסגעהערט די מעלדונגען און איז אַריבער צום סדר היום. צווישן אַנדערעס איז ברייט באַהאַנדעלט געוואָרן די שטאַטס-סעקרעטאַר פראַגע. מ. קליינמאַן האָט באַריכטעט וועגן די אונטער-האַנדלונגען אין דער פראַגע מיט דער דירעקטאָריע און וועגן דעם, אַז דער ענט-פער מוז דאַ געגעבן ווערן. נאָך דעם, ווי די פאָרשטעהער פון די פראַקציעס האָבן זיך אַרויסגעזאָגט געגן ווינישעווסקי'ס פאָרשלאַג, איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אונטערשטיצט פון אַלע פיר איבערגעבליבענע פראַקציעס, וואָס געפינט זיך פאָלקאָם אין הסכם מיט דער פאָזיציע פונ'ם נאַצ. סעקרע-טאַריאַט. די רעזאָלוציע האָט געלויטעט: „כדי צו שאַפן די פאַרבינדונג צווישן די אַווטאָנאָמע אַנשטאַלטן און דער צענטראַלער רעגירונג אין דער איבער-גאַנגס-צייט, ביז ס'וועט זיך צונויפקומען די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער אידישער נאַציע אין אוקראַינע, זאָל געשאַפן ווערן דער פאָסטן פון אַ אידישן שטאַטס-סעקרעטאַר אָדער צייטווייליג אַ הויפט-פאַרוואַלטער איבער די אידישע ענינים, מיט מיניסטאָרן-רעכט אין די ענינים פון זיין אַמט. דער דאָזיגער פאַרוואַלטער דאַרף באַשטימט ווערן לויט דער פאָרשטעלונג פון די אידישע אַווטאָנאָמע אַנשטאַלטן אָדער פון זייער אויספיר-אָרגאַן“.

* * *

צו יענער צייט האָט מען זיך אין די פאַרטיי-קרייזן דערוואוסט, אַז צווישן דער דירעקטאָריע און דער פאַרטיי „פועלי-ציון“ פירן זיך אונטער-האַנדלונגען, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אין ווינניצע, וועגן דעם, אַז אַ פאָרשטעהער פון דער פאַרטיי זאָל אַריינטרעטן אין אוקראַינישן קאַבינעט אַלס מיניסטער פאַר אידישע ענינים. די ידיעות זיינען אין גיכן באַשטעטיגט געוואָרן. אין משך פון די פאַרהאַנדלונגען צווישן דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט און דער דירעקטאָריע וועגן אַנטייל נעמען אין רעגירונג האָבן זיך צו די פירער פון פראַקציעס, וואָס זיינען פאָרגעשטעלט אינ'ם סעקרעטאַריאַט, עט-ליכע מאָל געווענדעט די פאָרשטעהער פון די „פועלי-ציון“ מיט אַ פאָרשלאַג אָנערקענען די באַשטימונג פון אַ אידישן מיניסטער און די צוריקצויפשטעלונג פונ'ם אידישן מיניסטעריום. פון זייער זייט האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז זייענדיג ביי דער מאַכט וועלן זיי ניט שטערן און, אין אַ געוויסן זינען, אַפילו מיטהעלפן דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט, — אויב נאָר ער וועט זיך אָפּזאָגן פון דער ראָלע פון אַ פּאָ ל י ט י ש ן פאָרשטעהער און וועט פאַרבלייבן בלויז אַלס פאַראייניגונגס-אָרגאַן פון די אידישע קהלות אין זייער פראַקטישער טעטיגקייט.

די פּראַקטיעס פון׳ם נאַציאָנאַל-סעקרעטאַריאַט האָבן דעם דאָזיגן פאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן און זײַנען געבליבן בײַ זייער פריהערדיגער פּאָזיציע.

די שטעלונג פון די „פּועלי-ציון" אין דער פראַגע וועגן מיניסטער-פּאָרטפעל האָט ניט געפונען קײַן אונטערשטיצונג אויך אין די רייהען פון די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דעם 26 דעקאַבר איז פּאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון די דרײַ אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וועגן אַנטייל נעמען אין דער רעגירונג. אויף דער באַראַטונג האָט זיך דער „בונד" קאַטעגאָריש אַרויס: עזאָגט געגן יעדן אַנטייל אין דער רעגירונג, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר ניט גענוג סאָציאַליסטיש, און געגן דעם. אַז עמיצער אַנדערש פון די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זאָל אָננעמען דעם פּאָסטן. די „פאַראייניגטע" זײַנען געווען נוטה ניט אָנצונעמען פּאַר זיך דעם פּאָסטן, אָבער ווען איינע פון די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וואָלט געפונען פּאַר מעגליך דעם פּאָסטן אָננעמען, דאַרפן די איבעריגע סאָצ. פּאַרטייען באַציהען זיך צום אידישן מיניסטער ניט אַנדערש ווי צום גאַנצן קאַבינעט. אויף אַ היפּוכ׳דיגן שטאַנדפּונקט האָבן זיך געשטעלט די „פּועלי-ציון": זיי האָבן געפונען פאַר נויטיג דורכאויס צו שטיצן די דירעקטאָריע, — טיילווײַז „כדי צו שאַפן אויף אַזאַ אופן אַ שטיק-פּונקט געגן דער געפאַר פון ראַטן-מאַכט",—האָבן געפונען, אַז „די אַרבעט פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע דאַרף האָבן אין זינען די צוגויפּרופונג פון דער אידישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג אויפ׳ן גרונד פון אַלגעמיינע וואַל-רעכט" און אַז די צייטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג „קאָן פאַרבלייבן אַלס געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציע, וואָס פאַר-אייניגט די קהלות" („טאָלקסצייטונג", 27 דעק. 1918—„באַראַטונג פון די איד. סאָצ. פּאַרטייען"). לעצטענס איז פאַרעפענטליכט געוואָרן (זעה אָרגאַן פון בונד „צײַט-פראַגן", 1—№, ז. 17) פאָלגענדער פאַקט בנוגע דער באַראַ-טונג: „דער בונד האָט געפאָדערט, אַז פאַר די אידישע ענינים זאָל דערווײַלע נעגרינדעט ווערן ניט קײַן מיניסטעריום, נאָר אַ סעקרעטאַריאַט פון 4 אָדער 5 מענשן, פאָרשטעהער פון די אידישע לינקע פּאַרטייען. דער סעקרעטאַ-ריאַט זאָל אַרײַנגעהן אין פאַרבינדונג מיט דער רעגירונג נאָר וועגן אידישע ענינים: פאַר דער אַלגעמיינער פּאָליטיק זאָל ער קיין אַחריות ניט טראָגן" *).

די באַראַטונג איז צו קײַן רעזולטאַט ניט געקומען—און די „פּועלי-ציון" האָבן באַשלאָסן אַרײַנצוטרעטן אויף זייער אייגענער אַחריות אין דער רעגירונג כדי אָנפירן מיט די אידישע ענינים.

---

*) ווי עס איז צו זעהן, איז דער דאָזיגער שטאַנדפּונקט, אין אַ געוויסן זינען, ענליך צו דער פּאָזיציע אונז ג. ס. בנוגע דעם „שטאַטס-סעקרעטאַריאַט".

## V.

## דער דריטער באַזוך.

אין עטליכע טעג אַרום נאָך דער זיצונג פון דער קליינער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אין די ערשטע טעג פון יאַנוואַר, האָבן באַזוכט ווינישעווסקאָ'ן צום דריטן מאָל די פאָרשטעהער פון דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט—וו. טיאָמקין א. קאַפּלאַן און מ. שוואַרצמאַן—און האָבן אים באַקאַנט געמאַכט מיט דער אָנגענומענער רעזאָלוציע. דערביי האָבן זיי אויך געמאָלדן וועגן דעם, אַז פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג זיינען אַרויסגעטראָטן די לינקע פראַקציעס. אויף דעם האָט ווינישעווסקאָ, וועלכער האָט פאָריגן מאָל צוגעזאָגט וואַרטן אויפ'ן ענטפער פון דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג, ערקלערט, אַז ענדגילטיג איז די פראַגע ביי דער רעגירונג נאָך ניט באַשטימט, נאָר אַזוי ווי די אידישע מערהייטס-פראַקציעס האָבן זיך אָפּגעזאגט צו געבן זייערן אַ קאַנדידאַט אין דער רעגירונג, האָט דער מיניסטאָרן-ראַט באַשלאָסן צו באַשטימען פאַר דעם אידישן מיניסטער אַ קאַנדידאַט פון דער פאַרטיי, וועלכע איז גרייט זיך אונטערצושרייבן אונטער דער פראָגראַם פון דער רעגירונג. די דאָזיגע פאַרטיי איז—„פּועלי-ציון", און דער מעגליכער קאַנדידאַט—א. רעוואוצקי. ווינישעווסקאָ האָט צוגעגעבן: „איך בין זיכער, אַז ה' רעוואוצקי, וואָס איז ניט קיין „בונדיסט", נאָר אַ סאָציאַליסט—פון איין זייט און אַ ציוניסט—פון דער צווייטער, וועט ניט אַרויסרופן געגן זיך קיין שאַרפע אָפּאָזיציע, ספּעציעל מצד דער מערהייט פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג"...

די פאָרשטעהער פון דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט האָבן אויף דעם געענטפערט, אַז אַליין דער פאַקט פון באַשטימען אַ אידישן מיניסטער פון אויבן וועט מאַכן זעהר אַ שווערן איינדרוק אויף די אידישע געזעלשאַפטליכע קרייזן; די אידישע באַפעלקערונג וועט באין אופן ניט דולדן אַזאַ באַציהונג מצד דער רעגירונג צו אירע אַווטאָנאָמע רעכט, און דאָס קאָן אַרויסרופן אַ שווערן קאָנפליקט גראַד אין דער ליניע פון די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. דער דאָזיגער געשפּרעך צווישן די פאָרשטעהער פונ'ם אידישן נאַצ. סעקרעטאַריאַט און דעם פאָרשטעהער פון אוקראַאינער דירעקטאָריע האָט זיך געפירט אין אַ שאַרפן טאָן. אין רעזולטאַט פון דעם געשפּרעך האָט ווינישעווסקאָ דאָך ערקלערט, אַז ער וועט פאָרברענגען די שטימונג און מיינונגען פונם נ. ס. פאַר דער דירעקטאָריע און ער לעגט פאָר, אַז דער נ. ס. זאָל אין די נאָהענטסטע טעג צושטעלן דער דירעקטאָריע אַ מעמאָראַנדום וועגן דער שטרייט-פראַגע און זיינע פאָדערונגען וועגן אַ שטאַטס-סעקרעטאַר.

מיט דעם האָט זיך געענדיגט דער דריטער און לעצטער געשפּרעך מיט'ן פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע. אינם זעלבן טאָג האָבן די דערמאָנטע פאָרשטעהער פונם נאַצ. סעקרעטאַריאַט באַזוכט אַן אַנדער מיטגליד פון דער דירעקטאָריע—מאַקאַרענקאָ'ן און האָבן מיט אים געהאַט אַ געשפּרעך וועגן

דער זעלבער פראַגע, כּדי אים צו אינפאָרמירן און אויך כּדי זיך קלאָר צו מאַכן — צי דריקט ווינישטשענקא אויס די מיינונגען פון דער גאַנצער דירעק-טאָריע אין דעם ענין אָדער ניט, צו דער באַוואונדערונג פון די מיטגלידער פונם נ. ס. האָט מאַקאַרענקא ערקלערט, אַז ער טיילט אינגאַנצן די מיינונגען פונם נאַצ. סעקרעטאַריאַט אין דער פראַגע וועגן אַ שטאַטס-סעקרעטאַר פאַר אידישע ענינים; ער האַלט, אַז די אידישע באַפעלקערונג האָט פאָלקאָם רעכט זעלבסט צו באַשטימען איר קאַנדידאַט אויף דעם פּאָסטן, לויט די פּרינציפּן פון נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע.

אין אייניגע טעג אַרום, דעם 6 יאַנוואַר 1919, האָט דער נאַצ. סעקרע-טאַריאַט צוגעשטעלט ווינישענקאָ'ן דעם דערמאָנטן מעמאָראַנדום; קיין פּערזענ-ליכער באַזוך איז דערבײַ ניט פאָרגעקומען. די זאַך פון באַשטימען אַ אידישן מיניסטער איז בײַ דער דירעקטאָריע אָבער שוין געווען באַשלאָסן. מיט אייניגע טעג שפּעטער האָט זי באַשטימט א. רעוואוצקין אַלס מיניסטער פאַר אידישע ענינים, ניט רעכענענדיג זיך ניט מיט די באַשלוסן פון די אידישע אויסגעוועהלטע פאָרשטעהערס-אָרגאַנען און אויך ניט מיט די שטימונגען פון די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. הגם די „פאַראייניגטע" און „בונד" האָבן זיך אַרויסגעזאָגט געגן דעם אַנטייל פון די „פּועלי-ציון" אין קאַבינעט, האָבן זיי פונדעסטוועגן נאָך דער פאָרגעקומענער באַשטימונג פון א. רעוואוצקי'ן קיין אַקטיוון קאַמף די ערשטע צייט געגן דעם אידישן מיניסטער און אידישן מיניסטעריום ניט געפירט, און אייניגע מיטגלידער פון די דאָזיגע פּאַרטייען האָבן אַפילו פאַרנומען געוויסע פּאָסטענס אינם אידישן מיניסטעריום. שפּעטער האָט איז די באַציהונג פון די דאָזיגע פּאַרטייען געוואָרן פיל שאַרפער.

שאַרף און קאַטעגאָריש איז געווען שוין פון אָנהויב אָן די באַציהונג צום באַשטימטן אידישן מיניסטער מצד דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און נאַצ. סעקרעטאַריאַט. דעם 10 יאַנוואַר 1919 איז אין דער „נייער צייט" ערשינען אַ געשפּרעך מיט רעוואוצקי'ן — דאַן נאָך קאַנדידאַט פאַר מיניסטער („אויפגאַבן פונם אידישן מיניסטעריום"). אין געשפּרעך האָט רע-וואוצקי צווישן אַנדערעס ערקלערט: „איך וויל האָפן, אַז דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט וועט ניט פּרעטענדירן אויף רעכט, וואָס געהערן אים ניט", דאָס שליסט אָבער ניט אויס די מעגליכקייט פון אַ געמיינזאַמער מיט אים אַרבעט. מיט צוויי טעג שפּעטער איז פאָרגעקומען די זיצונג פון דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמ-לונג (דעם 12 יאַנוואַר), וועלכע האָט אויסגעדריקט פאָלגענדע שטעלונג צום באַשטימטן אידישן מיניסטער:

„די קליינע נאַצ. פאַרזאַמלונג ערקלערט, אַז זי באַטראַכט דאָס אָננע-מען — געגן דעם אויסדריקליכן רצון פון דעם אידישן פאָלק אויף אוקראַינע — דעם פּאָסטן פון אַ אידישן מיניסטער פאַר אַ פאַרברעכן געגן די יסודות פון דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע; אַז די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג... אַנערקענט

ניט דעם באַשטימטן אידישן מיניסטער פאַר אַ פאָרשטעהער פון דער אידישער באַפעלקערונג; אַז דער איינציגער העכסטער אויספיר-אָרגאַן פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע בלייַבט דער אויסגעוועהלטער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט.״

„די קליינע נאַצ. פאַרזאַמלונג רופט די דעמאָקראַטישע קהלות צום ענטשי-דענסטן קאַמף פאַר די רעכט פון דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, און פאָדערט זיי אויף ווענדן זיך אויך ווייַטער אין אַלע נאַציאָנאַלע ענינים צום נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט, אָרגאַניזירן אַרום זיך צום פראָטעסט און שפּפּערישער אַרבעט די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג.״

ניט קוקנדיג אויף דער שאַרפער שטעלונג, איז פון איינעגע כלל-טוער דאָך געמאַכט געוואָרן אַ פאַרזוך צו געפינען אַ פשרה-אויסוועג פון דער געשאַפענער לאַגע. אויף דער זיצונג פון נאַצ. סעקרעטאַריאט דעם 17 יאַנוואר איז געקומען א פאָרשטעהער פון „פאָלקספאַרטיי״ און האָט געמאַכט דעם פאָלגענדעם פאָרשלאַג: אין אַ געשפּרעך מיט א. רעוואוצקי׳ן האָט די „פאָלקספאַרטיי״ פאָרגעלעגט, אַז דער אידישער מיניסטער זאָל פאַרבלייַבן נאָר אלס אַ טעכנישער אַרבעטס-אַפּאַ-ראַט, ער זאל אויסאַרבייַטן געזעץ-פּראָעקטן, אָנפירן טעכניש מיט דער אַרבעט א. א. וו. און דער שאַפענדער און פאַרוואַלטונגס-אָרגאַן פון דער אידישער אווטאָ-נאָמיע וועט זיין דער נאַצ. סעקרעטאַריאט. א. רעוואוצקי, לויט די ווערטער פון׳ם פאָרשטעהער פון „פאָלקספאַרטיי״, האָט אין אַלגעמיין צוגעשטימט צו דעם פּלאַן, נאָר ער האָט געפאָדערט פאַר זיך אויך דאָס רעכט פון ש אַ פ ן אידישע אינסטיטוציעס. דער פאָרשטעהער פון „פאָלקספאַרטיי״ האָט אויף דעם סמך פאָרגע-לעגט דעם נ. ס. אָנצונעמען דעם פּלאַן, בכדי אַרויספירן די אידישע אווטאָנאמיע פון דער באַשאַפענער שווערער לאַגע. די פאָרשטעהער פון׳ם נ. ס. האָבן אויף דעם געענטפערט, אַז נאָך דער לעצטער רעזאָלוציע פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג וועגן אידישן מיניסטער קאָן, אייגענטליך, קיין נייער באַשלוס ניט זייַן. אין תוך שאַפט דער געמאַכטער פאָרשלאַג אויך ניט אָפּ די לאַגע, אַז רעוואוצקי וועט פאַרבלייַבן דער מיניסטער א י ב ע ר ן אידישן פאָלק, ווייל אַלע אָפיציעלע פאַראָרדנונגען און די מלוכה׳שע געלט-מיטלען, למשל, וועלן דאַרפן דורכגעהן דורך אים. אויב עס קאָן זיין אַ רייד וועגן אַ פשרה — איז אפשר וועגן דעם, אַז ער זאָל פאַרבלייַבן אַלס אַ מין קאָנטראָל-אָרגאַן מצד דער רעגירונג פאַר די אידישע אווטאָנאָמע-אַנגעלעגענהייַטן, אָבער די ראלע פון אַזאַ אָרגאַן איז ניט נויטיג ס׳זאָל שפּילן גראד אַ איד. אַלענפאַלס דער גאַנצער אָנפיר-אַפּאַראַט פון דער אידישער אווטאָנאָמיע אין אוקראַינע דאַרף בייַ יעדן פאַל געהערן בלויז דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט (פּראָטאָקאָלן פונם נ. ס., 14 יאַנוואר 1919).

מער האָט דער פאָרשטעהער פון „פאָלקספאַרטיי״ וועגן דער פראַגע מיטן נאַצ. סעקרעטאַריאט קיין געשפּרעך ניט געהאַט.

* * *

מיט דעם האָבן זיך געענדיגט די אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם הויפּט-אַרגאַן פון דער אידישער אווטאָנאמיע אין אוקראַינע און זייַנע באַציהונגען

צו דער אוקראַינישער רעגירונג. אַלע פאַרהאַנדלונגען מיט דער דירעקטאָריע וועגן דער פראַגע זיינען נאָך דעם איבערגעריסן געוואָרן. צו יענער צייַט האָבן זיך פאַרשפּרייט די שרעקליכע פּאָגראָמען און עקסצעסען מצד דעם אוקראַינישן חיל געגן אידן—און פון צענטר האָט די מאַכט קיינע מיטלען געגן דעם ניט אָנגענומען. דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט איז נאָך ניט איין מאָל אויסגעקומען צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די פאָרשטעהער פון דער אוקראַינישער רעגירונג. אָבער—שוין ניט וועגן די פראַגען פון אידישער אווטאָנאָמיע און שטאַטס-סעקרעטאַר, דאָס טרעט איצט אָפּ גאַר אן אַ זייַט,—נאָר וועגן ראַטעווען דעם לעבן און באַשיצן דעם כבוד פון דער אידישער באַפעלקערונג.

---

מיר ברענגען דעם פּאָליטישן מעמאָראַנדום פונם נ. ס. צו דער דירעקטאָריע פונם 6 יאַנוואַר 1919, וועגן וועלכן עס ווערט אויבן דערמאָנט (איבערזעצט פון אוקראַנייש).

---

## צו דער דירעקטאָריע פון דער אוקראַאינער פאָלקס-רעפּובליק.

פון דעם אידישן נאַציאָנאַלן
סעקרעטאַריאַט אין אוקראַינע.

## מעמאָראַנדום.

דער אידישער נאַצ. סעקרעטאַריאַט האָט די עהרע פאָרצוברענגען פאַר דער דירעקטאָריע פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק פאָלגענדע מיינונגען וועגן דער פראַגע פונ׳ם ווייטערדיגן גורל פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע אויף אוקראַינע.

ווי באַוואוסט, געהט אַרויס די טעאָריע וועגן נאַצ.-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, אַלס דער איינציגער פאָרם, וועלכע גאַראַנטירט דאָס פרידליכע צוזאַמענלעבן פון פאַרשידענע פעלקער אויף איין טעריטאָריע, פון פאָלגענדע הנחות: 1) אַלע מיטגלידער פון דער מעוט-נאַציע, וועלכע וואוינען אויף דער מלוכה-טעריטאָריע, בילדן אַ נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד; 2) אַלע ענינים, וועלכע האָבן אַ שייכות צום אינערליכן לעבן פון דער נאַציע, ווערן אויסגעטיילט פון די אַלגעמיין-מלוכה׳שע ענינים און געהען אַריבער אין אַווטאָנאָמען רשות פון די אָרגאַנען פונם נאַצ. פאַרבאַנד; 3) אויף צו פאַרוואַלטן מיט די דאָזיגע ענינים קאָנסטרואירט דער נאַצ. פאַרבאַנד זייַנע געזעצגעבערישע און אויספיר-אָרגאַנען אין צענטר און די קהלות (געמיינדעס)—אויף די ערטער; 4) דער נאַצ.

פאַרבאַנד טיילט פון זיך אויס אַ באַזונדערע פּערזאָן, וועלכע דאַרף קומען אין פאַרבינדונג מיט דער מלוכה-מאַכט מכח די נאַציאָנאַלע ענינים און רעפּרעזענטירן די נאַציע פאַר דער מלוכה (לויט דער טערמינאָלאָגיע פון די ערשטע טעאָרעטיקער פון דער נאַצ.-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, די עסטרייכישע סאָצ. דעמאָקראַטן — שפּרינגער און בויער, רופט ער זיך „שטאַטס-סעקרעטאַר"); 5) די מלוכה האָט איר השגחה איבער דעם, אַז די אָרגאַנען פון נאַצ. פאַרבאַנד זאָלן זיך ניט אַריינמישן אין דער קאָמפּעטענץ פון די אַלגעמיין-מלוכה׳שע אָרגאַנען.

אויף אַזאַ אופן איז קלאָר, אַז די צייט פון דער עקזיסטענץ פון די נאַציאָנאַלע מיניסטעריומס אין אוקראַינע איז נאָר געווען אַ צוגרייטונגס-צייט פאַר דער אַווטאָנאָמיע. די נאַציאָנאַלע ענינים זיינען אויסגעטיילט געוואָרן פון די אַלגעמיין-מלוכה׳שע ענינים, נאָר צוליב דעם וואָס, קיין אָרגאַנען פונם נאַצ. פאַרבאַנד זיינען נאָך דאַן ניט געווען בנמצא, האָט מען זיי צו די אָרגאַנען ניט איבערגעגעבן.

דער געזעץ פון 9 יאַנוואַר 1918 האָט צום ערשטן מאָל פּראָקלאַמירט די גרינדונג פון אַזעלכע אָרגאַנען (געזעצגעבערישן — די „נאַצ. פאַרזאַמלונג" און אויספיר-אָרגאַן — דעם „נאַציאָנאַל-ראַט") און דערמיט צום ערשטן מאָל ווירקליך צוגעטראָטן צום פאַרוויקליכן די אַווטאָנאָמיע.

צוליב דעם אָבער, וואָס ס׳איז אונמעגליך געווען צונויפרופן אין אַ קורצער צייט דעם ריכטיגן פאָרשטעהערשאַפטס-אָרגאַן פון דער אידישער נאַציע אין אוקראַינע אויפן יסוד פון דער פינף-גראַדיגער וואַלן-פאָרמול, האָבן אַלע אידישע פּאַרטייען, נאָך בשעת דער צענטראַלער ראַדע, אַרויסגעזאָגט זיך פאַר צונויפרופן די „צייטווייליגע נאַצ. פאַרזאַמלונג", וועלכע זאָל האָבן אַלע רעכט פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג (זעה די הוספה).

דער נאַצ. ראַט, אין וועלכן ס׳האָבן זיך באַטייליגט אַלע אידישע פּאַרטייען, האָט אָנגענומען די ענדגילטיגע רעדאַקציע פון דעם געזעץ-פּראָעקט וועגן צונויפרופן די צייטווייליגע אידישע נאַצ. פאַרזאַמלונג אין אוקראַינע, וועלכן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן אויסגעאַרבעט. לויט דעם געזעץ דאַרף די נאַצ. פאַרזאַמלונג באַשטעהן פון 125 מיטגלידער, געוועהלטע פון די קהלה-ראַטן, אויפן יסוד פון פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלן לויטן וואַל-מאָדוס, וועלכן ס׳האָט פאָרגעלעגט דער מיטגליד פון נאַצ.-ראַט — מ. ראַפעס. דער נאַצ.-ראַט האָט אויסגעטיילט פון זיך אַ הויפּט-וואַל-ביוראָ (פון פאָרשטעהער פון אַלע פּאַרטייען), און אַ דאַנק זיין ענערגישער אַרבעט זיינען די וואַלן דורכגעפירט געוואָרן אין גאַנץ אוקראַינע.

ס'זײַנען אויסגעװועלט געװאָרן: לויטן ציוניסטישן צעטל—42 מיטגלי-דער, „צעירי ציון"—14, „אחדות" - 19, „בונד"—23, „פאַראייניגטע"—12, „פועלי—ציון"—11 און „פאָלקס-פאַרטיי"—4.

דעם 11—3 נאָיאַבר 1918 איז אין קיעוו פאָרגעקומען די ערשטע סעסיע פון דער צײַטווײַליגער נאַצ. פאַרזאַמלונג, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליגט 123 מיטגלידער (פון 125). אין דער אַרבעט פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג, אין וועלכער ס'האָבן אנטייל גענומען אַלע אידישע פאַרטייען, האָט זיך אָפּגעשפיגעלט דער אַלגעמיינער כאַראַקטער פונ'ם אידישן פּאָליטישן לעבן. אַזוי, למשל, איז דער · געזעץ-פּראָעקט וועגן פּראָגרעסיווען הכנסה-שטייער לטובת די קהלות אָנגענומען געוואָרן אײַנשטימיג. דערפאַר אָבער האָבן שאַרפע און ליידענשאַפטליכע חלוקי-דעות אַרויסגערופן די ק ו ל ט ו ר ע ל ע און נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פראַגען: די שפּראַכן-פראַגע אין דער אידישער שולע, די באַציהונג צו דער אויפלעבונג פון אידישן פאָלק אין פּאַלעסטינע, דער פאָרשלאַג אינגאַנצן אויסצושליסן אַלע רעליגיעזע פראַגען פון דער קהלה-קאָמפּעטענץ א. א. וו·

די נאַצ. פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען א רייהע געזעץ-פּראָעקטן און באַשטעטיגט, מיטן הסכם פון אַלע פראַקציעס, דעם סטאַטוט פון העכסטן אויספיר-אָרגאַן פון דער אידישער אווטאָנאָמיע, דעם „נאַצ. סעקרעטאַריאַט", אין וועלכן ס'זײַנען אַרײַן, לויט די פּאַרלאַמענטאַרישע מנהגים, נאָר פאָרשטעהער פון די מערהײַטס-פאַרטייען. חוץ דעם, אויף דער צײַט פון דער ערשטער ביז דער צווייטער סעסיע פון דער נאַצ.-פאַרזאַמלונג, איז איבערגעלאָזט געוואָרן די „קליינע נאַצ. פאַרזאַמלונג", אין באַשטאַנד פון פאָרשטעהער פון אַלע, אָהן אויסנאם, פאַרטייען.

אויף אַזאַ אופן זײַנען צום ערשטן מאָל געשאַפן געוואָרן די געזעצגעבערישע און אויספיר-אָרגאַנען פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע אין אוקראַינע, די איינציגע באפולמאַכטיגטע צו ערפילן די דאָזיגע פונקציעס ביזן צוזאַמענקומען פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער אידי-שער נאַציע אין אוקראַינע. זייער אָרבעט האָט אָבער באַגעגענט גרויסע שטערונגען מצד דעם העטמאַנישן רעזשים (דער נאַצ. סעקרעטאַ-ריאַט האָט די העטמאַנישע רעגירונג באיקאַטירט), און ערשט נאָכן נצחון פון דער אוקראַינישער דעמאָקראַטיע און דעם אַרײַנטריט פון איר העכסטן אָרגאַן—דער דירעקטאַריע—אין קיעוו איז געקומען די האָפנונג, אַז די אידישע אָרגאַנען וועלן פאַרנעמען דעם געהעריגן אָרט און וועלן באַקומען די מעגליכקײַט נאָרמאַל צו פונקציאָנירן.

אָבער די אָפּאָזיציע מצד די אידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען האָט אנדערש פאַרשטאַנען דעם נצחון פון דער אוקראַינישער דעמאָ-קראַטיע. זיי האָבן געפונען פאַר מעגליך מאַכן דעם פּרוב אויפצורייסן,

מיט דער הילף פון דער אוקראַינישער דעמאָקראַטיע, די אַווטאָנאָמיע און איינפירן אויף דער אידישער גאַס די דיקטאטור פון דער מינדערהייט איבער דער מערהייט אין די קולטורעלע, נאציאָנאַלע און רעליגיעזע ענינים.

דער פראָעקט איז צוריק אויפשטעלן דעם אידישן מיניסטעריום אין זיין געוועזענער פאָרם, אין דער צייט ווען ס'עקזיסטירן די נאַצ. פאַרזאַמלונג און דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט, ברענגט במילא צום פאַקטישן פאַרניכטן פון די אויסדערוועהלטע נאַציאָנאַלע אָרגאַנען. און ווירקליך: די פראַקציעס „בונד" און „פאַראייניגטע" האָבן אויף דער זיצונג פון דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג, דעם 30 דעקאַבר, געמאָלדן וועגן זייער אַרויסטריט פון דער נאצ. פארזאמלונג. די פראַקציע „פועלי-ציון", אַרויסטרעטענדיג פון דער קליינער און פאַרבלייבענדיג אין דער גרויסער נאַצ. פאַרזאַמלונג, האָט געפאָדערט, אַז די נאַצ. פאַרזאַמלונג זאָל פאַרוואַנדעלט ווערן פון אַ געזעצגעבערישן אינסטיטוט אין אַ אַדמיניסטראַטיוו-טעכנישן.

ס'פאַרשטעהט זיך, אַז דער אַרויסטרים פון דער מינדערהייט, וועלכע האָט זיך אַליין באַטייליגט אין אויסאַרבעטן דעם געזעץ וועגן דער נאַצ. פאַרזאַמלונג, אין איר צונויפרופן און אין אירע אַרבעטן—נעמט ניט אָפּ ביי דער נאַצ. פאַרזאַמלונג און ביים נאַצ. סעקרעטאַריאַט זייערע רעכט פון געזעצגעבערישע און אויספיר-אָרגאנען פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע, די רעכט, וועלכע זיי האָבן געקראָגן פון דער נאַציע און וועלכע זיי וועלן קיינעם, אויסער דער נאַציע זעלבסט; ניט איבערגעבן, און האָבן קיין פולמאַכט ניט איבערצוגעבן.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען וועט דאָס ווידעראויפשטעלן פונם אידישן מיניסטעריום אין זיין געוועזענער פאָרם הייסן—אַווטאָמאַטיש צעשטערן די אַווטאָנאָמיע און אירע אָרגאַנען, ברענגען צו אַ שאַרפן קאָנפליקט צווישן די אָרגאַנען און דעם אידישן מיניסטער. און אין דער נעכסטער פערספעקטיוו וועט עס ברענגען, אַלס אַ אומפאַרמיידליכן פועל-יוצא, צום צעטרייבן די אָרגאנען פון די אידישע קהלות אויף די ערטער, אָדער צו זייער פאַקטישער פאַרניכטונג, אַלס עפענטליך-רעכטליכע אינסטיטוציעס.

אויף אַזאַ אופן, וועט דער וועג, אויף וועלכן די מינדערהייט שטעלט זיך, אויב זי וועט באַגעגענען אין אירע טריט די שטיצע פון דער מלוכה-מאַכט, ברענגען צו טיפע ערשיטערונגען פון דער אידישער געזעלשאַפט און צו אַ אָפענעם גוואַלדטאַט בנוגע צום ווילן פון דער אידישער באַפעלקערונג אויפן געביט פון אירע קולטורעלע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן. צוזאַמען מיט דעם, וועט די אידישע באַפעלקערונג,

וועלכע איז גרייט צום קאַמף פאַר אירע נאַציאָנאַלע אידעאַלן, קינסטליך געשטעלט ווערן אין אַ אָפּאָזיציע צו דער אוקראַינישער דעמאָקראַטישער מאַכט, צו וועלכער זי באַציהט זיך ביז איצט מיט אמת׳ער סימפּאַטיע.

דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט געפינט פאַר זיין חוב מיטצוטיילן וועגן דעם דער דירעקטאָריע און פון זיין צד באַשטעהן אויף דער נויטיגקייט פון פאַרהיטן די אידישע אַווטאָנאָמיע און אירע אָרגאַנען.

די פּראַקטישע פאָדערונגען פון דער אידישער נאַציע, וועלכע זיינען אויסגעדריקט געוואָרן אין דער רעזאָליוציע פון דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג פון דעם 30 דעקאַבר 1918, זיינען פאָלגענדע:

1. אַנערקענען די צייַטווייליגע נאַצ. פאַרזאַמלונג און דעם נאַצ סעקרעטאַריאַט, בהסכם מיט די באַשלוסן פונ׳ם אידישן נאַצ.-ראַט און דער נאַצ. פאַרזאַמלונג, אַלס די צייַטווייליגע געזעצגעבערישע און אויספירענדע מאַכטן אין אידישע נאַציאָנאַלע ענינים אויף אוקראַינע, וועלכע עקזיסטירן אויפן יסוד פון געזעץ פון 9 יאַנואַר 1918 וועגן נאַצ.-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, ביז ס׳וועט זיך צונויפקומען די אידישע דעמאָקראַטישע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג.

2. אַלס פאַרבינדונג צווישן די אַווטאָנאָמע אַנשטאַלטן און דער צענטראַלער רעגירונג, ביז ס׳וועט זיך צונויפקומען די גרינדונגס-פאַר-זאַמלונג פון דער אידישער נאַציע אין אוקראַינע, דאַרף געשאַפן ווערן דער פּאָסטן פון אַ אידישן שטאַטס-סעקרעטאַר אָדער צייַטווייליג אַ הויפּט פאַרוואַלטער איבער די אידישע ענינים, מיט מיניסטאָרן-רעכט אין די ענינים פון זיין אַמט. דער דאָזיגער פאַרוואַלטער דאַרף באַשטימט ווערן לויט דער פאָרשטעלונג פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג אָדער פון איר אויספיר-אָרגאַן.

דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט געפינט פאַר זיין חוב צולעצט אָנצוא-ווייזן, אַז נאָר אויף אַזאַ אופן, וועלכער שטימט אינגאַנצן איין מיט דעם אויסגעשפּראָכענעם ווילן פון דער נאַציע, קאָן דערגרייכט ווערן די פולקאָמע סאָלידאַריטעט פון די אינטערעסן פון דער אידישער נאַציע אויף אוקראַינע און דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק און קאָן געשאַפן ווערן ברייטע מעגליכקייטן פאַר אַ ברידערליכן צוזאַמענלעבן פון דער אידישער און אוקראַינישער נאַציע אין דער אויפלעבענדער אוקראַינע״.

## אַ הוספה צום מעמאָראַנדום.

אויסצוג פונם „געזעץ-פּראָעקט וועגן דער אידישער נאַציאָנאַלער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און דער צייַטווייליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג״, באַשטעטיגט פונם צייטווייליגן אידישן נאַציאָנאַל-ראַט אויף זייַנע זיצונגען פון 3, 19, 20 און 22 אַפּריל 1918, און אונטער-

געשריבן פון פרעזידיום פונם ראַט: (מ. יודין, מ. ליטוואַקאָוו, מ. ראַ־פעס און א. רעוואוצקי) ווי אויך פונם וויצע-מיניסטער פאַר אידישע ענינים י. כורגין:

„אַרט. 1. צייטווייליג, ביז עס וועט צונויפגערופן ווערן די אידישע נאַציאָנאַלע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, ווערט די צייטווייליגע אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אַנערקענט, אַלס די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, וואָס פונקציאָנירט לויטן אַרט. 9 פונם געזעץ פון 9 יאַנ־וואַר 1918 יאָר וועגן נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אווטאָנאָמיע.

„דער צייטווייליגער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, אַלס דעם העכסטן פאַרטרעטונגס-אָרגאַן פונם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, גע־הערן אַלע רעכט, וואָס זיינען אָנגעצייכענט אין אַרט. 1, 3, 4, 5, 6 און 9 פונם געזעץ."

„אַרט. 5, 1) האָט אויסשליסליך דאָס רעכט צו רעפרעזענטירן די אידישע נאַציע אין די גרענעצן פון דער אוקראַאינישער פאָלקס-רע־פובליק, אין הסכם מיטן אַרט 4. פונם דערמאָנטן געזעץ פון 9 יאַנוואַר 1918, אין אַלע פאַלן וואָס זיינען פאָראויסגעזעהן דורך די געזעצן פון דער רעפובליק".

מיטגלידער פון אידישן נאַציאָנאַל סעקרעטאַריאַט:
י. אַלעשקאָווסקי, י. גרינפעלד, וו. טיאַמקין,
א. קאַפּלאַן, מ. קליינמאַן, מ. שוואַרצמאַן.

קיעוו, דעם 6 יאַנוואַר 1919.

# צום געזעץ וועגן נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע.

(א פּראָעקט פון י. שעכטמאַן אין דער יורידישער קאָמיסיע ביים נאַצ. סעקרעטאַריאַט).

דער געזעץ פונם 9-טן יאַנוואַר 1918 וועגן נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע איז בלי ספק אַן אונגעהויער גרויסע, היסטאָרישע עראָבערונג פונם דעמאָקראַטישן געדאַנק אין דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם. דאָס גיט אָבער, פונדעסטוועגן, קיין שום גרונד ניט צו רעכענען בלינד, אָהן שום קריטיק, אַז דער קאָנקרעטער אינהאַלט פונם געזעץ פון 9-טן יאַנוואַר איז אַבסאָלוט אַ אידעאַלער און אַז ער שטעהט אין פולן הסכם מיט די אינטערעסן פון די „מינדערהייטן” אין אוקראינע. זיינע באַשטימונגען וועגן אַ גאַנצער רייהע פראַגען זיינען להלוטין ניט דאָס לעצטע וואָרט פון דער געזעצגעבערישער שאַפונג אויפ׳ן געביט פון דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם.

לויט זיין אַלגעמיינעם כאַראַקטער און באַדייטונג דאַרף דער געזעץ וועגן נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע זיין אַזאַ מין געזעצגעבערישע פאָרמול, וועלכע זאָל אַנטהאַלטן אין זיך אין אַ גענוגענדער מאָס אַלע גרונד-פּרינציפּן, וואָס דאַרפן דעטאַליזירט און קאָנקרעטיזירט ווערן דורך די סטאַטוטן פון די נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן ביי באַזונדערע נאַציעס. דאָס, וואָס ווערט חאָטש אין פּרינציפּ ניט באַרירט אינם געזעץ וועגן דער נאַצ.-פּערס. אויטאָנאָמיע גופא, קאָן זיך אויך ניט געפינען אין די געזעצן, וואָס ווערן אין דעם פרט אַרויסגעגעבן אַלס זיין ווייטערע אַנטוויקלונג און דערגענצונג. דעריבער דאַרף מען זיך באַציהען צום אינהאַלט פונם דאָזיגן געזעץ מיט דער מאַקסימאַלער ערנסטקייט און פאָרזיכטיגקייט.

אָט די נויטיגע תנאים זיינען ניט אָפּגעהיט געוואָרן ביים צונויפשטעלן און דורכפירן דעם געזעץ פונם 9-טן יאַנוואַר. ער איז אויסגעאַרבעט און דורכגעפירט געוועזן בהפזון׳דיג, אונטער דער אויסשליסליכער און איינזייטיגער השפעה פון די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, און ענטהאַלט דעריבער אַ רייהע אָרגאַנישע חסרונות, וועלכע ס׳איז אומבאַדינגט נויטיג תיכף צו באַזייטיגן. די נאַציאָנאַל-דענקענדע אידישע געזעלשאַפטליכקייט טאָר ניט רעכענען דעם געזעץ פונם 9-טן יאַנוואר ווי אַ מין „טאבו”, אין וועלכן מען טאָר ניט אַנרירן קיין איין באַשטאַנד-טייל. ס׳איז דאָס רעכט און דער חוב פון די העכסטע

אָרגאַנען פון אונזער אווטאָנאָמיע אַרייַנצוטראָגן די תקונים, וואָס שטעהען אין הסכם מיטן אַלגעמיינעם גייַסט אין זין פון די באַשטימונגען, וואָס ס'האָט אָנ-גענומען די צייַטווייַליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פונם אוקראַינישן אידענטום.

קאָנקרעט דאַרפן אַרייַנגעטראָגן ווערן פּאָלגענדע תקונים:

I.

דער אַרטיקל 7 פונ'ם געזעץ פון 9-טן יאַנוואַר באַשטימט דעם סדר, לויט וועלכן ס'ווערט פעסטגעשטעלט די קאָמפּעטענץ פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, אויף פאָלגענדן אופן:

„דער קרייַז פון די ענינים, וועלכע געהערן צו דער קאָמפּעטענץ פון נאַצ. פאַרבאַנד און פון איינצעלנע זיינע אָרגאַנען, ווי אויך די איינ-אָרדנונג פון די לעצטע, ווערט באַשטימט דורך דער גרינדונגס-פאַר-זאַמלונג פון דער געגעבענער נאַציע. די דערמאנטע פאַרזאַמלונג באַ-שטימט דערביי אויך דעם סדר, וואָס לויט אים ווערן געענדערט אירע באַשלוסן. די אָנגענומענע באַשלוסן, ווי ווייט זיי זיינען שייך צו דער קאָמפּעטענץ פון נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, ווערן באַטראַכט און באַשטעטיגט דורך דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק אָדער דורך איר פאַרלאַמענט.

אָנמערקונג די חילוקי-דעות, וועלכע קאָנען דערביי אַרויסקומען צווישן דער נאַציאָנאַלער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און דער גרינדונס-פאַר-זאַמלונג פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק אָדער איר פאַרלאַמענט, ווערן אויסגעגלייכט דורך אַ פשרה-קאָמיסיע, וועלכע ווערט צו-זאַמענגעשטעלט פון אַ גלייכער צאָל פאָרשטעהער פון די דאָזיגע אינסטיטוציעס. די באַשטימונגען פון דער פשרה-קאָמיסיע געהען איבער אויף דער ענדגילטיגער באַשטעטיגונג פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק אָדער דורך איר פאַרלאַמענט".

לויט דער לעצטער פראַזע פון דער הערה צום דאָזיגן אַרטיקל 7, ווערט די קאָמפּעטענץ פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד ענדגילטיג באַשטימט דורך דעם איינזייַטיגן ווילן פונ'ם אַלגעמיין-מלוכה'שן געזעצגעבענדן אָרגאַן. נאָר דער לעצטער, ער אַליין, דאַרף באַשטעטיגן די באַשטימונגען פון דער פשרה-קאָמיסיע: וועגן די חלוקי-דעות צווישן די קאָמיסיע-מיטגלידער טראָגט ענדגילטיג אַרויס אַ באַשלוס נאָר ער אַליין. דאָס קאָן רעאל ברענגען צו רעזולטאַטן, וואָס זיינען סותר אין עצם די אידעע פון נאַציאָנאַלער אווטאָנאָמיע גופא. דער געזעץ-פּראָ-עקט וועגן דער נאַצ.-פּערס. אווטאָנאָמיע, וועלכער ווערט איבערגעגעבן דער פשרה-קאָמיסיע ,און דערנאָך, כדי ער זאָל ווערן ענדגילטיג באַשלאָסן, נאָך אַמאָל אַרייַנגעטראָגן אינ'ם אַלגעמיינעם מלוכה-פאַרלאַמענט, קאָן פונ'ם לעצטן אַרויס

אזוי גרינדליך געענדערט, אַז ס'זאָל אים שווער זיין צו דערקענען. אַזוי, אַז די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער נאַציע, וואָס קאָנסטיטואירט זיך אין אַ נאַציאָנאַלן-פאַרבאַנד, זאָל אים אַבסאָלוט ניט זיין בכח אָנצונעמען. ס'קאָן געשאַפן ווערן אַזאַ לאַגע, ביי וועלכער די נאַציאָנאַלע גרינדונגס-פאַרזאַמלונג זאָל געפינען פאַר בעסער אינגאַנצן אָפּצוּוואַרפן דעם געזעץ-פּראָעקט אין דער געגעבענער פאָרם און ניט דערלאָזן, אַז ער זאָל ווערן אַ געזעץ. דאָס וואָלט אָבער פאַר איר אונמעגליך געווען אין דעם פאַל, ווען די פראַגע זאָל געלעזט ווערן איינזייטיג און ענדגילטיג „פון באַשלאָסן געוואָרן נאָר דורכ'ן אַלגעמיינעם מלוכה-פּאַרלאַמענט.

כדי דאָס אויסצומיידן דאַרף דער סוף פון דער הערה צום אַרטיקל 7 רעדאַגירט ווערן אויף פאָלגענדן אופן:

„די באַשטימונגען פון דער פשרה-קאָמיסיע געהען איבער צו אַ ענד-גילטיגער באַשטימונג אין דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער אוק-ראַינישער פאָלקס-רעפּובליק אָדער אין איר פּאַרלאַמענט און אין דער גרינדונגס פאַרזאַמלונג פון דער געגעבענער נאַציע. זיי ווערן גערעכענט אַלס אָנגענומענע, נאָר ווען זיי ווערן באַשטעטיגט דורך די דאָזיגע ביידע אַנשטאַלטען".

נור אויף אַזאַ אופן קאָן גאַראַנטירט ווערן דער נאַציע, וואָס קאָנסטיטואירט זיך אין אַ נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, ניט בלויז דאָס אבסטראקטע רעכט, נאָר אויך די רעאַלע מעגליכקייט צו זיין אַן אקטיווער און גלייכבאַרעכטיגטער צד אינם פּראָצעס פון באַש-טימען זיין קאָמפּעטענץ.

.II

רעגלאַמענטירענדיג דעם סדר, לויט וועלכן ס'ווערט פעסטגעשטעלט די קאָמפּעטענץ פונם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, זעהט דער געזעץ פונ'ם 9-טן יאַנ-וואַר ניט פאָראויס דעם סדר, לויט וועלכן די קאָמפּעטענץ קאָן געענדערט ווערן. די באַדינגונגען און פאָרמען פונ'ם נאַציאָנאַלן לעבן קאָנען זיך דאָך בייטן און פאָדערן אַ געהעריגע ענדערונג פון דער קאָמפּעטענץ פונם נאַציאָ-נאַלן פאַרבאַנד. דער געזעץ דאַרף געבן דערצו אַ לעגאַלע מעגליכקייט. בפרט, אַז אין תוך אריין אונטערשיידט זיך פּרינציפּיעל לחלוטין ניט די ענדערונג פון דער קאָמפּעטענץ—פון איר באַשטימונג וועלכע דאַרף פאָרקומען אויף דעם זעלבן אופן, ווי עס איז אָנגעוויזן אינ'ם ארטיקל 7. נאָכן אַרטיקל 7 דאַרף דעריבער אריינגעטראָגן ווערן אַ זעלבסטשטענדיגער אַרטיקל מיטן פאָלגענדן אינהאַלט:

„די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פון דער נאַציע, וואָס איז אָרגאַניזירט אין א נאציאָנאַלן פאַרבאַנד, קאָן דורך איר באַשטימונג ענדערן דעם קרייז פון די ענינים, וואָס געהערן צו דער קאָמפּעטענץ פונ'ם פאַרבאַנד די באַשטימונג וועגן דעם דאַרף באַשטעטיגט ווערן דורכן פּאַרלאַמענט פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק.

„הערה: די חלוקי-דעות, וואָס קאָנען איך דעם פּרט אַרויסקומען צווישן דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און דעם פּאַרלאַמענט פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק, ווערן אויסגעגלייכט לויט דעם סדר, וואָס איז באַשטימט דורך דער הערה צום אַרטיקל 7 פונ'ם דאָזיגן געזעץ".

III.

אינ'ם לעצטן אבזאץ פון אַרטיקל 4 פונ'ם געזעץ פון 9-טן יאַנוואר ווערט געזאָגט:

„די געזעצגעבערישע באַשלוסן, וועלכע ס'נעמט אָן די נאַציאָנאלע פאַרזאַמלונג (ארטיקל 9) אין די גרענעצן פון דער קאָמפּעטענץ פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, ווערן פובליקירט לויט'ן אַלגעמיין באַשטימטען סדר".

דאָס הייסט, אַז זיי דאַרפן פובליקירט ווערן אויסשליסליך אינ'ם אָפּיציעלן „וועסטניק" פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק. אין הסכם מיט אונזער אלגעמיינעם שטאַנדפּונקט אויפ'ן כאַראַקטער פון די פאַרהעלטנישן צווישן די אַלגעמיינע מלוכה-אָרגאַנען און די אָרגאַנען פונ'ם נאַציאָנאַלען פאַרבאַנד, קאָנען מיר ניט איינגעהן אויף אַזאַ מין איינזייטיגן פובליקאַציאָנס-סדר. אין תוך גענומען דאַרפן, אייגענטליך, די געזעצן, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן אין די גרענעצן פון דער קאָמפּעטענץ פונ'ם נאַצ. פאַרבאַנד, באַקומען אַ קראַפט ניט פון דעם מאָמענט אָן, ווען זיי ווערן פובליקירט אינ'ם אַלגעמיין מלוכה'שן אָפּיציעלן „וועסטניק", נאָר פון דעם מאָמענט, ווען זיי ווערן אָפּגעדרוקט אינ'ם אָפּיציעלן „וועסטניק" פונ'ם פאַרבאַנד. נאָר כדי די מלוכה-מאַכט זאָל קאָנען קאָנטראָלירן די פאָרמעלע ריכטיגקייט פון די געזעצגעבערישע באַשטימונגען פונ'ם נאַציאָנאַלען פאַרבאַנד, און כדי זי זאָל זיין בכח אין דעם פאַל, ווען די באַשטימונגען געהען אַרויס מחוץ די ראַמען פון דער קאָמפּעטענץ פונ'ם פאַרבאַנד, צו פאַרהאַלטן זייער דורכפירן אין לעבן דורך אַ פּראָטעסט אינ'ם העכערן צווישן-פעלקערליכן אדמיניסטראַטיוון געריכט (זעה ווייטער) — דאַרף מען צופּאַסן דעם מאָמענט, ווען די געזעצן, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן דורך דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, באַקומען אַ קראַפט, צו דער צייט פון פובליקאַציע איןביידע אָפּיציעלע אָרגאַנען: אינ'ם אַלגעמיין-מלוכה'שן און אינעם נאַציאָנאַלן. דער געהעריגער אַבזאַץ פונ'ם ארטיקל דאַרף דעריבער געענדערט ווערן אויף פאלגענדן אופן:

„די געזעצגעבערישע באַשלוסן, וועלכע ס'נעמט אָן די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג (ארט. 9) אין די גרענעצן פון דער קאָמפּעטענץ פונ'ם נאַצ. פאַרבאַנד, ווערן פובליקירט אינ'ם אָפּיציעלן „וועסטניק" פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און אינ'ם אָפּיציעלן „וועסטניק" פון דער מלוכה".

IV.

דער געזעץ פון 9-טען יאַנוואַר זעהט לחלוטין ניט פאראויס די פראַגע וועג'ן דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ, אויף וועלכן ס'דאַרף זיך באַזירן

די ענטשײדונג פון די קאָליזיען, וואָס קענען זײן צווישן די אַלגעמײנע מלוכה-געזעצן און צווישן די געזעצן, וועלכע ס'זײַנען אַרויסגעגעבן דורכ'ן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. מען מײנט דאָ ניט די פּ אָ ר מ ע ל ע זײַט פון דער פראַגע, ניט די פאַלען, ווען עס קומען אין אַ צוזאַמענשטויס די קאָמ-פּעטענצן פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און פון דער מלוכה. אינ'ם לעצטן פאַל זאָגט זיך פּשוט אָפּ דער אַנשטאַלט, וואָס פּובליקירט די געזעצן אינ'ם אָפיציעלן „וועסטניק" פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק, זיי צו פּובליקירן און אַפּעלירט צום העכערן צווישן-פעלקערליכן אַדמיניסטראַציון געריכט (זעה די פּונקטן III און V), וועלכער באַשטימט שוין ענדגילטיג די פראַגע. ביי אַ גאַנצער רײהע פאַלן קאָן אָבער געשאַפן ווערן אַזאַ לאַגע, ביי וועלכער צוויי געזעצן—אײנער אַן אַלגעמײן-מלוכה'שער, דער צווייטער אַזאַ, וואָס דער נאַצ.-פאַרבאַנד האָט אַרויסגעגעבן און געגן וועלכן ס'איז פון דער פאָרמעלער זײט ניט אַרויסגעטראָגן געוואָרן קײן פּראָטעסט—קומען אין צוזאַמענשטויס א י ן ע צ ם ע נ י ן און אנטהאַלטן געגנזייטיגע סתירות'דיגע באַשטימונגען. אַזעלכע קאָליזיען זײַנען אומפאַרמײדליך אין אַ גאַנצער רײהע געביטן. ענטשײדן זיי פון פאַל צו פאַל קאָן מען נאָר דאַן, ווען דער אַלגעמײנער געזעץ וועגן דער נאַצ.-פּערס. אַווטאָנאָמיע וועט פאַראויסזעהן אַ געהעריגע אַלגעמײנע נאָרמע. מען מוז דעריבער דערגענצן דעם געזעץ מיט'ן פאָלגענדן אַרטיקל:

„די סתירות אין וועלכע-ס'איז פראַגען צווישן די אַלגעמײן-מלוכה'שע געזעצן און צווישן די געזעצן, וואָס זײַנען אַרויסגעגעבן דורכ'ן נאַצ. פאַרבאַנד, ווערן ענטשײדן אויף פאָלגענדן אופן: אויב די פראַגען געהערן צום קרײז פון דער ק אָ מ פּ ע ט ע נ ץ פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, דאַן זײַנען אָבליגאַטאָריש די לעצטע, אין אַלע איבריגע פאַלן—די ערשטע".

דער דאָזיגער פּרינציפּ איז דער אײנציג ריכטיגער, ווײל דער עצם זין פון דער נאַצ.-פּערס. אַווטאָנאָמיע באַשטעהט דאָך אין דעם, וואָס די מלוכה טײלט אויס לטובת דער נאַציע, וואָס קאָנסטיטואירט זיך אין אַ נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, אַ באַשטימטן קרײַז פראַגען, אין וועלכע זי דעלעגירט אירע רעכט דעם נאַצ. פאַרבאַנד און בנוגע צו וועלכע זי אַנערקענט זײנע ספּעציעלע באַשלוסן, אלס די אײנציג גילטענדע, וואָס האָבן דעם פּריאָריטעט לגבי די אַלגעמײנע באַשטימונגען פון דער מלוכה אין די זעלבע פראַגען. אין די גרענעצן פון דער קאָמפּעטענץ, וואָס די מלוכה האָט אויסגעטײלט דעם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, זײַנען בלויז די באַשטימונגען פונ'ם לעצטן מאַסגעבענד און האָבן, נאַטירליך, די בכורה אין פאַל פון אַ קאָנפליקט מיט די אַלגעמײנע מלוכה-געזעצן, וואָס זײַנען זיי סותר. אויב, למשל, דער אלגעמײנער מלוכה-געזעץ, אײנשליסענדיג אין דער קאָמפּעטענץ פונ'ם נאַצ. פאַרבאַנד אײניגע פראַגען פון מ ש פּ ח ה-ר ע כ ט, האָט ארויסגעגעבן א געזעץ, וואָס איז סותר די

באַשטימונגען, וואָס דער פאַרבאַנד האָט אין דער דאָזיגער פראַגע אנגע-
נומען, דאַן זיינען אָבליגאַטאָריש פאַר די מיטגלידער פונ׳ם נאַציאָנאַלן פאַר-
באַנד נאָר די באַשטימונגען פונ׳ם לעצטן. ווען ניט פאַרלירט דער גאַנצער
פרינציפּ פון דער נאצ.-פערס. אַווטאָנאָמיע זיין הויפּט-זין. גאָר אַנדערש איז די
לאַגע אין די איבעריגע געביטן פונ׳ם בירגערליכן לעבן. דאָ געהערט דער פריי-
אָריטעט, זעלבסטפארשטענדליך, די אַלגעמיינע מלוכה-געזעצן, און
יענע געזעצן, וועלכע זיינען ארויסגעגעבן דורכן נאצ. פאַרבאַנד און וואָס זיינען
זיי סותר, דאַרפן אנערקענט ווערן, „אלס ניכטיג״.

.V

אינ׳ם ארטיקל 10 פון געזעץ פונ׳ם 9-טען יאנוואַר ווערט געזאָגט
„אַלע סכסוכים וועגן דער קאמפעטענץ-פראַגע, וואָס וועלן אויפ-
קומען צווישן די אָרגאַנען פונ׳ם נאציאָנאַלן-פאַרבאַנד, פון איין
זייט, און צווישן די אָרגאַנען פון דער מלוכה-פאַרוואַלטונג, פון
דער אָרטיגער זעלבסט-פאַרוואַלטונג אָדער פון די אַנדערע נאַצי-
אָנאַלע פאַרבאַנדן—פון דער צווייטער זייט, ווערן געלייזט דורכן
אַדמיניסטראַטיוון געריכט״.

לויט אונזער איבערצייגונג, זיינען די אַדמיניסטראַטיווע געריכטן פונ׳ם
געוועהנליכן טיפּ ניט די אינסטאַנציע, וועמעס אויפגאַבע ס׳דאַרף זיין צו
לעזן די אנגעוועהטאגטע און פאַרוויקעלטע פראַגען, וואָס קומען פאָר ביים
אָפּגרענעצן די קאָמפּעטענץ פון די נאַציאָנאַלע אָרגאַנען ביי פאַרשידענע נאַציעס
צווישן זיך און דער קאָמפּעטענץ פון די מלוכה-אָרגאַנען. די דאָזיגע געריכטן
זיינען דערצו ניט באַרופן—סיי לויט דעם טיפּ פון זייער אָרגאַניזאַציע, סיי
צוליב די באַציהונגען פון דער באַפעלקערונג צו זיי. עס מוז געשאַפן ווערן
אַ ספּעציעלער אָרגאַן, אַ מין צווישן-נאַציאָנאַלער-טריבונאַל, וואָס זאָל
זיין קאָנסטרואירט אַזוי, אַז אין אים זאָל מאַקסימאַל גאַראַנטירט ווערן די
אביעקטיוויטעט און אונפּאַרטייאישקייט פון די באַשלוסן אין די שטרייט-
פראַגען, און אַז יעדער נאַציאָנאַלער-פאַרבאַנד זאָל האבן די רעאַלע מעגליכ-
קייט צו פאַרטיידיגן אין אים זיינע רעכט און אינטערעסן. בלויז אַזאַ אָרגאַן
וועט האָבן דעם געהעריגן אַווטאָריטעט, אין נור אים וועלן די מלוכה און די
נאַציעס קאָנען אָנטרויען די ענדגילטיגע באַשטימונג אין די קאָנפליקטן וועגן
דער קאָמפּעטענץ, וואָס קומען צווישן זיי פאָר. אינ׳ם ארטיקל 10 פונ׳ם געזעץ
פון 9-טען יאַנוואַר דאַרפן דעריבער די ווערטער: „ווערן געלעזט דורכ׳ן
אַדמיניסטראַטיוון געריכט״ פאַרביטן ווערן מיט פאָלגענדע:

„ווערן געלעזט דורכן העכסטן צווישן-נאַציאָנאַלן אַדמיניסטראַטיוון
געריכט. דער דאָזיגער געריכט ווערט צונויפגעשטעלט פון מיט-
גלידער, וועלכע ווערן באַשטימט אין אַ גלייכער צאָל דורך די
העכסטע אָרגאַנען פון אַלע נאַציעס, וואָס זיינען אָרגאַניזירט אין

נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדען, און פון מיטגלידער, וואָס זיינען באַשטימט דורך דער רעגירונג פון דער אוקר. פאָלקס-רעפובליק. די צאָל מיטגלידער, וואָס ווערן באַשטימט דורך דער רעגירונג, איז גלייך צו דער צאָל מיטגלידער, וואָס ווערן באַשטימט דורך אלע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן צוזאַמען״.

.VI

אין דער ערשטער רעדאַקציע פונ׳ם געזעץ-פּראָעקט וועגן דער נאַצ.-פערס. אַווטאָנאָמיע, וואָס דער גענעראַל-סעקרעטאַריאַט פאַר אידישע ענינים האָט געהאַט אַריינגעטראָגן אויף צו באַשטעטיגן אין דער קליינער ראַדע, איז געווען אַ פונקט, לויט וועלכן יעדער נאַציע, וואָס איז אָרגאַניזירט אין אַ נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, האָט אינם באַשטאַנד פונ׳ם גענעראַל-סעקרעטאַריאַט אַ גענעראַל-סעקרעטאַר פאַר די ענינים פון דער דאָזיגער נאַציע. צוליב די טיפע מיינונגס-פאַרשידענהייטן, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביי דער באַשטימונג פון דער יורידישער נאַטור פונ׳ם גענעראַל-סעקרעטאַר, פון דעם סדר, לויט וועלכן ער ווערט אויף זיין פאָסטן באַשטימט, און פון דער פאַראַנטוואָרטליכקייט פונ׳ם דאָזיגן גענעראַל-סעקרעטאַר, האָט די ראַדע באַשלאָסן אויסצושליסן אין גאַנצן דעם דאָזיגן פונקט פונ׳ם געזעץ פון 9-טען יאַנוואַר, כדי אַריינצוטראָגן אים אין דער קאָנסטיטוציע פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק, וועלכע האָט געזאָלט אויסגעאַרבעט ווערן. אויף דער לעצטער היסטאָרישער זיצונג פון דער ראַדע, ערב דעם טאָג, ווען זי איז פאַנאַנדערגעטריבן געוואָרן, דעם 29-טן אַפּריל, ווען ס׳איז בחפזון׳דיג אָנגענומען געוואָרן די קאָנסטיטוציע, איז דער דאָזיגער פונקט אָבער ניט אַריינגעטראָגן געוואָרן. און אַזאַ וויכטיגער אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, ווי דער פאָרשטעהער פון דער נאַציע אינ׳ם מיניסטאָרען-ראַט (וועלכער האָט שפעטער פאַרביטן דעם גענעראַל-סעקרעטאַריאַט) הענגט אין דער לופטן, ניט שטיצענדיג זיך אויף קיין לעגאַלער באַזע, און איז ניט פאַראויסגעזעהן דורכ׳ן גרונד-געזעץ וועגן דער נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע. אָט דער דעפעקט מוז באַזייטיגט ווערן. אין הסכם מיט די באַשטימונגען פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג דאַרף דער געהעריגער פונקט פונ׳ם געזעץ פאָרמולירט ווערן אויף אַזאַ אופן:

„ביים מיניסטאָרן-ראַט זיינען פאַראַן שטאַטס-סעקרעטאַרן וועגן די ענינים פון די נאַציעס, וואָס זיינען אָרגאַניזירט אין נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן. די שטאַטס-סעקרעטאַרן ווערן געוועהלט דורך די העכסטע נאַציאָנאַלע אַנשטאַלטן פונם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און זיינען פאַר די לעצטע פאַראַנטוואָרטליך״.

די דאָזיגע פאָרמול ערשעפּט ניט, פאַרשטעהט זיך, דעם גאַנצן אינהאַלט פון דער פראַגע וועגן דעם העכסטן פאָרשטעהער פון דער נאַציע אין דער מלוכה. די פאָרמול זעהט ניט פאָראויס ניט דעם קאָנקרעטן אינהאַלט פון

זיַין טעטיגקיַיט, ניט די געגענזייטיגע באַציהונגען צווישן אים מיט דעם מיניס-טאָרן-ראַט און מיט דעם אלגעמיינעם מלוכה-פּאַרלאַמענט, ווי אויך ניט די געגענזיַיטיגע באַציהונגען מיט די אַנדערע העכסטע פאָרשטעהערשאַפטס-און אויספיר-אָרגאַנען פונ׳ם נאַצ. פאַרבאַנד. פאַר דעם אַלעמען איז אָבער קיַין אָרט ניט אָפּגעגעבן אינ׳ם אַלגעמיינעם געזעץ וועגן נאַצ.-פּערס. אַווטאָנאָמיע, וועלכער זעהט פאָראויס בלויז די אַלגעמיינע פראַגען; דאָס מוז איבערגעלאָזן ווערן פאַר די ספּעציעלע סטאַטוטן פון יעדער נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, זיי זאָלן אַריַינלעגן אַ קאָנקרעטן אינהאַלט אין די פּרינציפּן, וואָס ער, דער געזעץ, האָט פּראָקלאַמירט. דער געזעץ-פּראָעקט וועגן אידישן נאַצ. פאַרבאַנד, וואָס די יורידישע קאָמיסיע ביים נאַצ. סעקרעטאַריאַט אַרבעט אויס, רעגלאַמענטירט דעטאַל די דאָזיגע פראַגע.

## VII.

אינ׳ם טעקסט פונ׳ם געזעץ וועגן דער נאַצ.-פּערס. אַווטאָנאָמיע, וואָס די אוקראַינער קליינע ראַדע האָט אנגענומען דעם 9-טן יאַנוואַר 1918, איז געווען פאָלגענדער אַרטיקל 11.

„די נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק האָבן דאָס רעכט צו פאַראייניגן זיך מיט די נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן פון געהעריגע נאַציעס, וואָס פונקציאָנירן אין די גרענעצן פון דער רוסלענדישער פעדעראַטיווער רעפּובליק״.

דער דאָזיגער אַרטיקל האָט עקזיסטירט סך הכל עטליכע טעג. שוין אין צוויי טעג אַרום, דעם 11 יאַנוואַר 1918, איז פאַרעפענטליכט געוואָרן דער פערטער „אוניווערסאַל״ וועגן דער זעלבסטשטענדיגקיַיט („סאַמאָסטינאָסט״) פון אוקראַינע, און דער אַרטיקל האָט פאַרלוירן זיַין פּאָליטישן זין. אין אַ ריין קאָדיפיקאַציאָנס-סדר איז ער אינגיכן דורך דעם באַשלוס פונ׳ם ראַט פון די פאָלקס-מיניסטאָרן דעם 27 מאַרט 1918 אָפּגעשאַפט געוואָרן, אַלס אַ סתירה צום פערטן „אוניווערסאַל״. דעריבער איז ער ניט געווען פּובליקירט אינם אפּיציעלן טעקסט פונם געזעץ וועגן דער נאַצ. פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרן אינם „וועסטניק״ פונם מיניסטאָרן-ראַט פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק דעם 2-טן אַפּריל 1918, № 14.

פאָרמעל איז אָט דער קאָדיפיקאַציאָנס-שריט געווען בלי ספק ריכטיג. קיַין איין נאַציע קאָן אָבער זיך ניט אָפּזאָגן פון איר נאַטירליכען רעכט זיך צו פאַראייניגן מיט די ברידערליכע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן מחוץ די גרענעצן פון אוקראַינע. באַזונדערס רירט עס אָן די אידישע נאַציאָנאַליטעט. אויף די טעריטאָריעס פון אַ רייהע אונאָפּהענגיגע מלוכות, וואָס זיַינען אויפגעבויט געוואָרן אויף די חורבות פונם אַלטן רוסלאַנד און עסטריַיך, ווערן איצט געגרינדעט אידישע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן, וואָס פּרעטענדירן אויף דער אַנערקענונג מצד דער מלוכה. אונאָפּהענגיג פון דעם קינפטיגען גורל וואָס ערוואַרט

טעט די דאָזיגע נײַ-געשאַפענע מלוכה-אָרגאַניזמען, איז די פאַראייניגונג אויף באַשטימטע יסודות מיט די דאָזיגע אידישע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן אַ פראַגע, וואָס האָט פאַרן אוקראַאינער אידענטום די וויכטיגסטע נאַציאָנאַלע באַדײַטונג. און דער געזעץ וועגן דער נאַצ.-פערס.-אַווטאָנאָמיע דאַרף געבן דעם אוק-ראַינער אידענטום דאָס רעכט אויף אַזאַ פאַראייניגונג (אין הסכם מיט די געגענ-דערטע פאָליטישע באַדינגונגען דאַרף גערעדט ווערן וועגן די נאַצ. פאַר-באַנדן ניט בלויז אויף דער טעריטאָריע פונם געוועזענעם רוסלאַנד).

דער אינהאַלט פונם לעצטן אַרטיקל פונם געזעץ דאַרף, אַזוי, זײַן דער פאָלגענדער:

„די נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק האָבן דאָס רעכט זיך צו פאַראייניגן מיט די נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן פון געהעריגע נאַציעס, וואָס פונקציאָנירן אין די גרעניצן פון אַנדערע מלוכות.“

## VIII.

ענדליך, דאַרף אַרײַנגעטראָגן ווערן אַ ריין רעדאַקציאָנעלע ענדערונג אינ'ם אַרטיקל 9, אין וועלכן ס'ווערט אָנגעוויזן, אַז „דער העכסטער אויספיר-אָרגאַן פון פאַרבאַנד איז דער נאַציאָנאַל-ראַט, וועלכער ווערט אויסגעקליבן פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און איז פאַר איר פאַראַנטוואָרטליך. אין הסכם מיט די החלטות פון דער צייטווייליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וועלכע האָט אויסגעקליבן דעם „אידישן נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט“, אַלס דעם העכסטן אויספיר-אָרגאַן, דאַרף אַרײַנגעטראָגן ווערן אין דעם דאָזיגן פונקט די געהעריגע ענדערונג.

אָט דאָס זײַנען די שנויים, תקונים און הוספות, וואָס דאַרפן אַרײַנ-געטראָגן ווערן אינ'ם געזעץ פונ'ם 9-טן יאַנוואַר, ווי עס פאָדערן דרינגענד די אינטערעסן פון די נאַציעס, וואָס קאָנסטיטואירן זיך אין נאַציאָנאַלע פאַר-באַנדן. דער געזעץ וועגן דער נאַצ.-פערס.-אַווטאָנאָמיע דאַרף פאַר זיי בילדן אַ מין Habeas corpus, אַ מין „גרויסע חאַרטיע“ פון די נאַציאָנאַלע פרייהייטן.

---

מיר ברענגען דאָ דעם פולן טעקסט פון פראָעקט, ווי אַזוי דער געזעץ וועגן דער נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע דאַרף אויסזעהן נאָך די אַלע שנויים און הוספות, וואָס ווערן אויבן פאָרגעלעגט.

# געזעץ וועגן דער נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין אוקראַינע.

(פּראָעקט).

די שטעלן אינם דאָזיגן פּראָעקט, וועלכע מיר גיבן צו, אָדער ענדערן אינם געזעץ פונם 9 יאַנוואַר 1918 וועגן דער נאַצ.-פּערס. אויטאָנאָמיע, ווערן דאָ אויסגעטיילט דורך קלאַמערן [ ]. אין די איבעריגע טיילן בלייבט דער געזעץ אזוי, ווי ער איז אָנגענומען.

אַרט. 1. יעדע פון די נאַציעס, וואָס באַפעלקערן אוקראַינע, האָט אין די גרענעצן פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק דאָס רעכט אויף נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, דאָס רעכט זעלבסטשטענדיג אײַנאָרדנען איר נאַציאָנאַל לעבן דורך די אָרגאַנען פון נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, וואָס זײַן מאַכט פאַרשפּרייט זיך אויף אַלע זיינע מיטגלידער, אומאָפּהענגיג פון זייער וואוין-אָרט אין די גרענעצן פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק. דאָס איז אַן אייביג רעכט פון דער נאַציע און בײַ קיין איינער פון זיי טאָר עס ניט ווערן אָפּגענומען אָדער באַגרענעצט.

אַרט. 2. דער גרויס-רוסישער, אידישער און דער פּוילישער נאַציע, וועלכע באַפעלקערן די טעריטאָריע פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק, ווערט געגעבן דאָס רעכט אויף נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע [דורך דעם דאָזיגן געזעץ גופא. די ווײַס-רוסישע, טשעכישע, מאָלדאַוואנישע, דײַטשע, טאַטאַרישע, גריכישע און די באָלגאַרישע נאַציע מעגן באַנוצן דאָס רעכט אויף נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, אויב אין גענעראַל-געריכט וועט אָנקומען וועגן דעם אַ מעלדונג, פון איטליכער נאַציע באַזונדער, אונטער-געשריבן ניט ווינציגער ווי פון צעהן טויזענט בירגער פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק אָהן אונטערשיד פון געשלעכט און גלויבן, וועלכע זײַנען פונ'ם געריכט ניט באַגרענעצט אין זייערע פּאָליטישע רעכט און וועלכע דערקלערן וועגן זייער אנגעהעריגקייט צו דער אָנגעגעבענער נאַציע. דאָס גענעראַל-געריכט באַטראַכט די מעלדונג אויף אַן עפענטליכער זיצונג ניט שפּעטער ווי אין 6 חדשים אַרום נאָכן דערלאַנגען די מעלדונג איז עס מודיע וועגן זײַן באַשלוס דעם גענעראַל-סעקרעטאַריאַט און פאַרעפענטליכט אים צו אַלגעמיינער באַקאַנטשאַפט. עהנליכע מעלדונגען פון נאַציעס, וועלכע זײַנען ניט אויסגערעכענט אין דעם דאָזיגן אַרטיקל, ווערן צוגעשטעלט צום באַטראַכטן אין פאַרלאַמענט פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק.

אַרט. 3. כדי צו פאַרווירקליכן דאָס רעכט, וואָס איז אָנגעוויזן אין אַרט. 1, בילדן די בירגער פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק, וואָס

געהערן צו דער געגעבענער נאַציע אַ נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אויף דער טערי־טאָריע פון דער אוקר. פאָלקס-רעפובליק. פון די מיטגלידער פון יעדן נאַציאָ-נאַלן-פאַרבאַנד ווערן געפירט נאמענטליכע רשימות. די דאָזיגע רשימות בילדן אַלע צוזאַמען דעם נאַציאָנאַלן קאדאַסטער, וועלכער ווערט נאָך זיין צוזאַמענשטעלן פאַרעפענטליכט, און יעדער בירגער האָט דאָס רעכט צו פאָדערן, מען זאָל אים איינשליסן אין געגעבענעם קאדאסטער, אָדער אויסשליסן פון אים, דורך זיין מעלדונג, אַז ער געהערט ניט צו דער געגעבענער נאַציע.

ארט. 4. דער נאַציאָנאַלער פארבאנד האָט דאָס רעכט פון געזעצ-געבונג און פאַרוואַלטונג אין די גרענעצן פון דער קאָמפעטענץ, וואָס ווערט איינגעשטעלט לויטן סדר, וואָס איז אָנגעוויזן אין ארט. 7 פונם דאָזיגן געזעץ. נאָר דער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד האָט דאָס רעכט צו פאַרטרעטן די געגעבענע נאַציע, וועלכע באַפעלקערט די טעריטאָריע פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפובליק, פאַר די מלוכה׳שע און געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס. [די געזעצ-געבערישע באַשלוסן, וועלכע ס׳נעמט אָן די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג (ארט. 9), אין די גרענעצן פון דער קאָמפּעטענץ פונם נאַציאַנאַלן פאַרבאַנד, ווערן פוב-ליקירט אינם אָפיציעלן „וועסטניק" פונם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און אינם אָפיציעלן „וועסטניק" פון דער מלוכה].

ארט. 5. פון די אַלגעמיינע הכנסות פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפובליק און פון די אָרגאַנען פון דער אָרטיגער זעלבסט-פאַרוואַלטונג ווערט אָפּגעגעבן דעם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אויף די ענינים, וואָס געפינען זיך אין זיין רשות, אַ טייל פון די סומעס, וואָס ווערן באַשטימט אויף די דאָזיגע ענינים, פראָפּאָרציאָנעל דער צאָל מיטגלידער פון דעם געגעבענעם נאַצי-אָנאַלן פאַרבאַנד.

ארט. 6. דער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד באַשטימט זיין יערליכן ביודזשעט און האָט דאָס רעכט צו באשטייערן זיינע מיטגלידער אויף די זעלבע יסודות, וואָס זיינען פעסטגעשטעלט פאַר דער אַלגעמיין-מלוכה׳שער באַשטייערונג, מאַכן הלוואות אויף זיין אייגענער אחריות און אָננעמען אַנדערע פינאַנץ-מיטלען, כדי צו זיכערן די טעטיגקייט פון נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד.

אַרט. 7. דער קרייז פון די ענינים, וועלכע געהערן צו דער קאָמפּע טענץ פון נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און פון איינצעלנע זיינע אָרגאַנען, ווי אויך די איינאָרדענונג פון די לעצטע, ווערט באַשטימט דורך דער גרינדונגס-פאַר-זאַמלונג פון דער געגעבענער נאַציע. די דערמאַנטע פאַרזאַמלונג באַשטימט דערביי אויך דעם סדר, וואָס לויט אים ווערן געענדערט אירע באַשלוסן. די אָנגענומענע באַשלוסן, ווי ווייט זיי זיינען שייך צו דער קאָמפּעטענץ פון נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, ווערן באַטראַכט און באַשטעטיגט דורך דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפובליק אָדער דורך איר פאַרלאַמענט.

אָנמערקונג. די חלוקי-דעות, וועלכע קאָנען דערביי אַרויסקו-מען צווישן דער נאַציאָנאַלער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און דער גרינדונגס-

פאַרזאַמלונג פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק אָדער איר פאַרלאַמענט, ווערן אויסגעגליכט דורך אַ פּשרה-קאָמיסיע, וועלכע ווערט צוזאַמענגע-שטעלט פון אַ גלייכער צאָל פאַרטרעטער פון די דאָזיגע אינסטיטוציעס. [די באַשטימונגען פון דער פּשרה-קאָמיסיע געהען איבער אויף דער ענדגילטיגער באַשטעטיגונג פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק אָדער איר פאַרלאַמענט און פון דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג פון דער געגעבענער נאַציע. זיי ווערן גערעכנט אַלס אָנגענומענע, ווען זיי ווערן באַשטעטיגט דורך די דאָזיגע ביידע אַנשטאַלטן.]

[הערה. חלוקי-דעות, וואָס קאָנען אין דעם פּרט פאָרקומען צווישן דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און דעם פאַרלאַמענט פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק, ווערן אויסגעגליכט לויט דעם סדר, וואָס איז באַשטימט אין דער אָנמערקונג צום אַרטיקל 7 פונם דאָזיגן געזעץ].

**אַרט. 8.** [די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פון דער נאַציע, וואָס איז אָר-גאַניזירט אין אַ נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, קאָן דורך איר באַשטימונג ענדערן דעם קרייַז פון די ענינים, וואָס געהערען צו דער קאָמפּעטענץ פונם פאַר-באַנד. די דאָזיגע באַשטימונג דאַרף באַשטעטיגט ווערען דורכ'ן פאַרלאַמענט פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק.]

**אַרט. 9.** (אַרט. 8 אינם געזעץ פון 9 יאַנוואַר). די נאַציאָנאַלע גרינ-דונגס-פאַרזאַמלונג ווערט געבילדעט פון מיטגלידער, וועלכע זיינען אויסגע-קליבן פון אַלע בירגער פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק פון דער געגעבענער נאַציע אין עלטער פון 20 יאָר און מער אויפ'ן יסוד פון אַלגעמיינע וואַל-רעכט, אָן אונטערשיד פון געשלעכט און גלויבן, דורך דירעקטע וואַלן און געהיימער אָפּשטימונג, מיט דער אָנווענדונג פון פּראָפּאָרציאָנעלער פאָר-שטעהערשאַפט.

**אַרט. 10.** (אַרט. 9 אינם געזעץ פון 9 יאַנוואַר). די אָרגאַנען פון נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד זיינען מלוכה-אָרגאַנען. דער העכסטער פאַרטרעטונגס-אָרגאַן פון נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד איז די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, וועלכע ווערט אויסגעקליבן פון די מיטגלידער פון פאַרבאַנד אויף די יסודות, וואָס זיינען אָנגעוויזן אין אַרטיקל 9. דער העכסטער אויספיר-אָרגאַן פון פאַרבאַנד איז [דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט], וועלכער ווערט אויסגעקליבן פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און איז פאַר איר פאַראַנטוואָרטליך.

**אַרט. 11.** (אַרט. 10 אינ'ם געזעץ פון 9 יאַנוואַר). אַלע סכסוכים וועגן דער קאָמפּעטענץ-פראַגע, וואָס ווערן אויסקומען צווישן די אָרגאַנען פון נאַ-ציאָנאַלן-פאַרבאַנד פון איין זייַט, און צווישן די אָרגאַנען פון דער מלוכה-פאַרוואַלטונג, פון דער אָרטיגער זעלבסטפאַרוואַלטונג, אָדער פון די אַנדערע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן פון דער צווייטער זייַט [ווערן געלעזט דורכן העכסטן צווישן-פעלקערליכן אַדמיניסטראַטיוון געריכט. דער דאָזיגער געריכט ווערט

צונויפגעשטעלט פון מיטגלידער, וועלכע ווערן באַשטימט דורך די העכסטע אָרגאַנען פון אַלע נאַציעס, וואָס זייַנען אָרגאַניזירט אין נאַציאָנאַלע פארבאנדן און פון מיטגלידער, וואָס זייַנען באשטימט דורך דער רעגירונג פון דער אוקר. פאלקס-רעפּובליק. די צאל מיטגלידער, וועלכע ווערן באַשטימט דורך דער רעגירונג איז גלייַך צו דער צאָל מיטגלידער, וואָס ווערן באַשטימט דורך אַלע נאציאנאלע פארבאנדן צוזאמען].

אַרט. 12. [די סתירות אין וועלכע ס'איז פראגען צווישן די אַלגעמיין-מלוכה'שע געזעצן און צווישן די געזעצן, וואָס זייַנען אַרויס-געגעבן דורכן נאציאָנאלן פאַרבאנד, ווערן ענטשיידן אויפ'ן פאָלגענדן אופן: אויב די פראגען געהערן צום קרייז פון דער קאָמפּעטענץ פונ'ם נאציאנאלן פארבאנד, דאן זייַנען אבליגאטאריש די לעצטע, אין אלע איבריגע פאלן— די ערשטע.]

אַרט. 13. [ביים מיניסטאָרן-ראט זייַנען דאָ שטאַטס-סעקרעטארן וועגן די ענינים פון די נאציעס, וואָס זייַנען אָרגאניזירט אין נאציאָנאלע פאַרבאנדן. די שטאַטס-סעקרעטארן ווערן געוועהלט דורך די העכסטע נאצי-אנאלע אנשטאלטן פונ'ם נאצ. פארבאנד און זייַנען פאר די לעצטע פאר-אנטווארטליך.]

אַרט. 14. [די נאציאנאלע פארבאנדן פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק האָבן דאָס רעכט זיך צו פאראייניגן מיט די נאציאנאלע פארבאנדן פון גע-העריגע נאציעס, וואָס פונקציאָנירן אין די גרענעצן פון אנדערע מלוכות].

# צום סטאַטוט וועגן די קהלות*).

(דערקלערונגען).

## I.

בשעת די צייטווייליגע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג איז צוגעטראָטן צו דער שאַפונג פון אַ נאָרמאַלן קהלה-סטאַטוט, וועלכער זאָל ענדגילטיג פעסט-שטעלן די רעכט, די פאָרמע און פונקציעס פון די אידישע קהלות, זיינען פאַר איר געשטאַנען דריי־ערליי צענטראַלע אויפגאַבן:

1) באַפרייען די שוין עקזיסטירענדע קהלות פון דער פרעמדער השגחה און פון די פאַראַלטערטע סתירות'דיגע געזעצן, אָפּרוימען דעם געדיכטן נעץ פון פאַרפלאָנטערטע באַגרענצונגען און מניעות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמעלט אין דער רוסלענדישער געזעצגעבונג און געשטיקט די זעלבסטשטענדיגע פרייע אַנטוויקלונג פון די קהלות;

2) אויסבויען אויף נאָרמאַלע יורידישע יסודות די נייע דעמאָ-קראַטיש געוועהלטע אידישע זעלבסטפאַרוואַלטונג און איבערגעבן אין איר רשות אַלע יענע בירגערליכע און מלוכה'שע פונקציעס, וועלכע עס פלעגן אויספירן ביז דער לעצטער צייט דער ראַבינאַט מיט די שטאָט-פאַרוואַלטונגען, ווי אויך איבערגעבן דער קהלה די אידישע געזעלשאַפטן און חברות, כדי איינהייטליך און פּלאַנמעסיג אָנצופירן מיט זיי;

3) שאַפן פאַר דער קהלה אַ געזונטן פינאַנציעלן באַזיס און באַזאָרגן זי מיט די נויטיגע מאַטעריעלע מיטלען, כדי זי זאָל בכח זיין צו באַפרידיגן די רעאַלע באַדערפנישן פון די מאַסן אין די ראַמען פון אן אָרטיגער אידישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, וואָס פונקציאָנירט אַלס א אָרגאַן און צווייג פון דעם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד.

פראַקטיש האָט עס געהייסן: אין דער ערשטער רייהע אָפּשאַפן די ספּעציעלע שטייערן אויף דער אידישער באַפעלקערונג, ווי די „קאָראָבקע" און דעם ליכט-אָפּצאָל, באַזייטיגן דעם פּאָליצייאישן קאָנטראָל פון די גובער-ניאַלע און אויעזדנע פאַרוואַלטונגען, באַפרייען די קהלות פון דער השגחה מצד די שטאָטישע זעלבסטפאַרוואַלטונגען און אַנדערע מלוכה-אָרגאַנען,

*) זעה דעם פולן טעקסט פונם אָנגענומענעם סטאַטוט אין דער הוספה צום סוף פין בוך.

איבערגעבן די מעטריקאציע און רעגיסטראַציע אין די הענט פון די קהלות, שאַפן א סדר אין דער אידישער קהלישער ווירטשאַפט, איבערנעמען די שולן און אנשטאלטן פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, רעגולירן דעם גאַנצן אינערליכן קהלה-לעבן אויף דעמאָקראַטישע יסודות און, ענדליך, אפשר דאָם וויכטיגסטע, געבן די קהלות שטייער-רעכט מיט דעם נויטיגן צוואנגס-רעכט בנוגע דער אידישער באַפעלקערונג.

אויסער די אַלע פראַקטישע פראַגען, האָט דורך דעם נאָרמאַלן סטאַטוט געזאָלט אויך געלייזט ווערן די גרונד-פראַגע: וואָס דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן די קהלה? דאַרף זי זיין אַ וועלטליכע צי אַ רעליגיעזע, און ווי גרויס און ברייט דאַרף איר קאָמפּעטענץ זיין?

די אַלטע אידישע קהלה אין רוסלאַנד און פוילן האָט, אין תוך גענומען, געטראָגן, ווי באַוואוסט, אַ ריין רעליגיעזן כאַראַקטער. אַלס אַזעלכע איז זי געווען צוגעפּאַסט צום דאמאלסדיגן קולטורעלן און גייסטיגן לעבענס-שטייגער פון די אידישע מאַסן, און איז געווען הויפּטזעכליך געבויט אויף דער שול און אמונה, אַלס איר פונדאַמענט. אמת, מיט דער צייט איז זי פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין א מין אייגנאַרטיגער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע מיט אַ גאַנץ ברייטער און פּאָליטישער קאָמפּעטענץ. שפּעטער, אבער, גלייכצייטיג מיט דעם וואוקס פון די רדיפות און מיט דעם אַריינמישן זיך פון דער אויסערליכער מאַכט, ווי אייך צוליב דער אפשוואַכונג פון די אַלטע רעליגיעזע געפילן ביי די מאַסן אין דעם לעצטן פעריאָד, איז די קהלה פון יאָר צו יאָר אלץ מער געפאַלן און האָט לעצטענס דעגראַדירט ביז אַ פאַרבאַנד פון בתי-מדרשים, וואָס האָט אויך אַריינגענומען אין זיין קרייז צדקה-ענינים, ווי שפּיטאָלן, מושב-זקנים, הקדשים א. ד. ג. אָפיציעל איז די השגחה איבער דעם „פאַרבאַנד" איבערגעגעבן געוואָרן צו אַ מלוכה'שען באַאַמטן אַ אידן, אמת אַ געוועהלטן פון די בתי-מדרשים-מיטגלידער, צו אַ באַאמטן אָהן שום צוואַנגס-רעכט און אהן קלאָרע און באַשטימטע פונקציעס.

ווידער, די נייע קהלה אין מערב-אייראָפּא, די מאדערניזירטע, לויט אירע אויסערע פאָרמען, — די „קולטוסגעמיינדע" — איז באמת ניט מער ווי אַ בלאָסער אָפּגלאַנץ פון דער אַמאָליגער רעליגיעזער קהלה, נאָר דערצו מיט אַ בכיון באַגרענעצטער קאָמפּעטענץ. זי דאַרף באַפרידיגען בלויז די רעליגיעזע, אויפ'ן נייעם שטייגער רעפאָרמירטע, באַדערפנישן פון די האַלב-אַסימילירטע אידישע בירגער און אויך ערפילען די פונקציעס פון אַ צענטראַלן צדקה-אַנשטאַלט, אפשר לויט דעם בעסטן אייראָפּעאישן מוסטער, נאָר אָהן אַ נאַציאָנאַלן תוכן און אָהן אַ לעבעדיגן גייסט. ניט קוקענדיג אויף איר אויסערליכן גלאַנץ, איז זי פאַקטיש געוואָרן ניט מער, ווי אַ גאַלוואַניזירטער בר-מינן.

ניט די אַלטע ריין-רעליגיעזע קהלה, ניט אַ פאַרבאַנד פון בתי-מדרשים אונטער אן אָפיציעלער השגחה און ניט די מאָדערנע „קולטוסגעמיינדע" פון מערב-אייראפּא — האָבן געקאָנט דינען אלס מוסטער און פאָרבילד פאַר דער נאַ-

ציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז אַליין געווען דאָס קינד פון דער נייער אידישער שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע. און די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט אויסגעקליבן אַ גאַנץ אַנדערן וועג: שאַפן קהלות, וואָס זאָלן זיין אין פולן זין פון וואָרט — אָרטיגע נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַר-טונגען, געוועהלט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג אויף דעמאָ-קראַטישע יסודות, אַ צווייג פון'ם אַווטאָנאָמען נאַציאָנאַלן פארבאַנד, נאָר פון אים אָנגעפירט און פון אים קאָנטראָלירט: קהלות, וואָס באַפרידיגן אויך די רעאַלע רעליגיעזע באַדערפנישן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט'ן רעליגיעזן לעבענס-שטייגער פון דער אידישער באַפעלקערונג, אָבער פירן ניט קיין שום קאָנ-פעסיאָנאַלע פאָליטיק, זיי זיינען ניט דער רעליגיעזער משגיח איבער דער אידי-שער באַפעלקערונג. די קהלה איז לויט איר גאַנצן תוכן — אַ נאַציאָנאַלע, און איטליכער איד, וואָס איז ניט איבערגעגאַנגען צו אַן אַנדער גלויבן, ריכטיגער — צו אַן אַנדערק ירכע, פשוט קאָן עס הייסן — וואָס האָט זיך ניט גע'שמד'ט, איז אַ פולבאַרעכטיגטער מיטגליד פון דער קהלה, וואָס פאַרמאָגט צוואַנגס-רעכט נאָר אין איין פרט: דאָס רעכט אַרויפצולעגן שטייערן אויף דער אידישער באַ-פעלקערונג.

די דאָזיגע גרונד-פּרינציפּן זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף דער ערשטער סעסיע פון דער צייטווייליגער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג. דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט האָט געדאַרפט זיי בלויז קאָנקרעט פאָרמולירן, אויסדריקן אין באַטרעפענדע פאַראַגראַפן און איבערגעבן דער קליינער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמ-לונג, כדי זי זאָל זיי ענדגילטיג רעדאַגירן און אָננעמען.

מען וואָלט אפשר געקאָנט ביי דער שאַפונג פון אַ נאָרמאַלן קהלה-סטאַטוט באַגרענעצן זיך בלויז מיט דער פאָרמולירונג פון יענע פּאָזיטיווע פונקטן און פאַראַגראַפן, אין וועלכע עס דאַרפן זיך אויסדריקן די נאָרמען פון דער נייער קהלה, ניט רעכענענדיג זיך כלל וכלל מיט דער גאַנצער אַלטער רוסישער געזעצגעבונג וועגן אידן און קהלות, פשוט איגנאָרירן זיי און שאַפן דורך און דורך אַ נייעם סטאַטוט. אָבער די עקזיסטירענדע סתירות'דיגע געזעצן וועגן אידן, וואָס זיינען צעוואָרפן איבער די 16 בענדער פונ'ם רוסישן געזעץ-קאָדעקס און לעבן נאָך פאַרט אין דער ווירקליכקייט — פון איין זייט, די פע-נאָמענאַלע יורידישע באַדענלאָזיגקייט פון די נייע אויסגעוועהלטע קהלות אין אוקראַינע, וואָס זיינען זיך אונדירעקט סומך נאָר אויף איין פונקט פונ'ם געזעץ פון 2 דעקאַבער 1917 און פונקציאָנירן אָהן באַשטימטע רעכט און קאָמ-פעטענץ גלייכצייטיג מיט די שערבלאַך פון דער אַלטער קהל-ווירטשאַפט — פון דער צווייטער — האָבן געצוואונגען דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט און די קליינע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אויסצוקלייבן אַן אַנדער וועג: גרינדליך איבער-צוקוקן די אַלטע רוסישע געזעצן, כדי אַ טייל פון זיי אינגאַנצן אָפּשאַפן, און אַ טייל ענדערן און צופּאַסן צום גייסט פון די גרונד-הנחות, וואָס אויף זיי איז געבויט דער סטאַטוט.

ביים אויסאַרבעטן איינצעלנע באַזונדערע פונקטן פון דעם סטאַטוט האָט נאָך אַ געוויסע ראָלע געשפּילט די שטרעבונג, וואָס גיכער צו רעאַליזירן דעם סטאַטוט אַלס אַ מלוכה׳שן געזעץ, און מאַכן אים פּראַקטיש מער דורכפירבאַר. דערצו איז באַזונדערס נויטיג געווען אין אַ סך שטעלן זיך סומך זיין אויף די אַלטע געזעצן, בלויז ענדערן זיי דערביי, האָבענדיג אין זינען אַ געוויסע פּאַראַלעל צווישן די דעמאָקראַטישע שטאָט-פּאַרוואַלטונגען און די קהלות. דאָס לעצטע האָט, נאַטירליך, געלעגט אַ געוויסן חותם אויפ׳ן גאַנצן סטאַטוט.

די קליינע נאַציאָנאַלע פּאַרזאַמלונג האָט געהאַט פאַר זיך אַ פּאַרטיגן אין זיינע הויפּט-יסודות סטאַטוט. אין איר רעדאַקציאָנס-אַרבעט איז זי געווען, אַלזאָ, געבונדן מיט די באַשלוסן פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער פּאַרזאַמלונג. איבערקוקן פאַרבייגעהענדיג אַלע, אומגעלומפּערטע אַפילו, געזעצן וועגן אידישע כלל-ענינים אָדער אַפילו נאָר יענע געזעצן, וואָס האָבן אַ געוויסע שייכות צו דער קהלה, אָבער זיינען דירעקט מיט איר ניט פאַרבונדן, אָפּשאַפן געוויסע אינ-סטיטוטן, וועגן וועלכע די ערשטע סעסיע האָט ניט אָנגענומען קיין ספּעציעלן באַשלוס—דערצו האָט די קליינע נאַצ. פּאַרזאַמלונג ניט געהאַט קיין יורידישע און ניט קיין פּאָליטישע רעכט. אויסער די דאָזיגע ריין פאָרמעלע טעמים, איז עס פּראַקטיש געווען אונמעגליך צו טון. די "פילע הונדערטער פאַרפּלאָנטערטע געזעצן וועגן אידן און אידישע אינסטיטוציעס זיינען אַזוי פאַרבונדן און געפלאָכטן צווישן זיך אינ׳ם רוסישן געזעץ-קאָדעקס, אַז נעמט מען אַרויס איינצעלנע שטיינער פון דעם בנין, קאָן געשאַפן ווערן א תהו ובהו אין דער גאַנצער געזעצגעבונג. אַזאַ אַרבעט האָט געמוזט געטאָן ווערן באַזונדער, בהדרגה און ניט פאַרבייגעהענדיג.

צוליב די אַלע טעמים האָט זיך די קליינע נאַציאָנאַלע פּאַרזאַמלונג געמוזט באַנוגענען מיט אָפּשאַפן אין די אַלטע געזעצן וועגן אידן בלויז יענע טיילן, וואָס האָבן דירעקט געשטערט אויפצובויען די נייע קהלה, אַלס אַן אָרטיגן אָרגאַן פון דער נאַציאָנאַלער זעלבסט-פאַרוואַלטונג, און איבערלאָזן דערווייל אייגיגע אינסטיטוטן, וועלכע געפינען זיך געוויס אין א סתירה צום דעמאָקראַטישן גייסט פון דער נייער קהלה, אָבער וועלכע דאַרפן אָפּגעשאַפט ווערן ניט דורך אגב, נאָר דורך אַ ספּעציעלן געזעץ, אָנגענומען פון דער העכסטער נאַציאָנאַלער אינסטאַנץ.

צוליב די דאָזיגע מאָטיוון, האָט די קליינע נאַציאָנאַלע פּאַרזאַמלונג, צום ביישפּיל, ניט געפונען פאַר מעגליך אָפּצושאפן דורך דעם אָנגענומענעם קהלה-סטאַטוט—דעם „ראַבינאַט". אמת, זי האָט ביים „ראַבינאַט" צוגענומען אַלע זיינע אָפיציעלע הויפּט-פונקציעס—די מעטריקאַציע און רעגיסטראַציע, און האָט זיי איבערגעגעבן צו די קהלה-פאַרוואַלטונגען, האָט ביי אים אויך צוגענומען די השגחה-רעכט איבער דער טעטיגקייט פון קהל׳שע אינסטיטוציעס. אָפּשאַפן אָבער דעם ראַבינאַט בכלל דורך דעם געזעץ, אָדער רעפאָרמירן אים און

מיט דעם אויפשטעלן צוריק דעם אינסטיטוט פון רבנים, וועלכער איז פאַר-ביטן געוואָרן דורך די „ראַבינערס”, ווי אויך פעסטשטעלן זייערע פונקציעס און פארהעלטנישן צו די אָרגאַנען פון דער קהלה—דאָס איז אַרויסגעגאַנגען מחוץ די גרענעצן און פולמאכטן פון דער קליינער נאצ. פאַרזאמלונג. דערמיט אָבער,* וואָס דער נייער סטאַטוט האָט ניט איבערגעלאָזט פאר דעם „ראבינאט” קיין שום פלאַץ אין די ראַמען פון דער נייער קהלה—האָט ער פאַקטיש פאַר-משפט צום טויט דעם דאָזיגן לכל הדעות אָפגעלעבטן אינסטיטוט.

II.

דער נאָרמאַלער סטאַטוט פון אידישע קהלות, וועלכער אין ענדגילטיג פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דער קליינער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אויף אירע זיצונגען דעם 21-22 יאַנוואַר און 2 פעווראַל 1919, צעטיילט זיך אויף אַכט חלקים: אויף אַ גרונד-געזעץ, וואָס שטעלט פעסט הן די רעכט און יורידישן מקור פון די קהלות, הן די פאָרמען, ווי אזוי עס דאַרפן ליקווידירט ווערן די אַנשטאַלטן, וואָס ווערן איבערגענומען פון די קהלות, און פון ווייַטערע זיבן קאפיטלען, וועלכע באַהאַנדלען אויספירליך איינצעלנע געביטן פונ׳ם קהלה-לעבן און קהלה-ווירטשאַפט.

דער דריטער פאַראַגראַף פונ׳ם גרונד-געזעץ באַשטימט קודם כל, אַז אַלע אידישע אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס—מלוכה׳ישע, קהל׳שע, רעליגיעזע, מעדיצינישע און צדקה-אַנשטאַלטן, וואָס געהערן ניט צו פריוואַטע פאַראיינען, אַלע אידישע קהל׳ישע קאַפּיטאַלן און גיטער, ווי אויך רעשטן פון דער קאָראָבקע און ליכט-אָפּצאָל מוזן אין משך פון דרייַ חדשים איבערגעגעבן ווערן מיט זייער גאַנצן אינוועטאַר אין רשות פון די נייַע דעמאָקראַטישע קהלות. אן אויסנאַם ווערט, אלזא, געמאַכט נאָר פאַר אַנשטאַלטן, „וואָס געהערן צו פריוואַטע פערזאָנען, געזעל-שאַפטן און פאַראיינען”. דאָך, גיט גלייַכצייַטיג דער דאָזיגער פאַראַגראַף די קהלות דאָס פולע רעכט איבערצונעמען די פאַרשיידענע אידישע אַנשטאַלטן און קאַפיטאַלן, אויב זיי געפינען זיך אין רשות פון די אַזוי גערופענע „פאַרזאַמלונגען פון אַלט-געזעסענע און פאַרמעגליכע אידן”, „גבאים פון בתי-מדרשים”, שטאָטישע, שטעטל׳שע, זעמסקע און וואָלאָסטנע פאַרוואַלטונ-גען, ווייל די איבענדערמאָנטע אַנשטאַלטן זייַנען אין תוך גענומען ריין קהל׳ישע און זייַנען מערסטענטייל געשאַפן און אויסגעבויט געוואָרן אויף קהל׳ישע געל-דער; בלויז צוליב דער אידישער רעכטליכער לאַגע און דעם אונקלאָרן יורי-דישן מעמד פון די קהלות האָבן זיי אין פאַרשידענע ערטער געטראָגן פאַר-שידענע נעמען.

געבענדיג די מעגליכקייט פרייַ צו עקזיסטירן פריוואַטע געזעלשאַפטן מיט ספעציעלע תקנות, וואָס שטיצן זיך אויף פריוואַטער איניציאַטיוו און הילף, האָט די קליינע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג געמוזט מאַכן אַ סוף צו די האַלב-קהל׳ישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך פאַרבראָנירט דורך ריין צופעליגע נע-

מען און פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין פעסטונגען פון אונגעזעצלשאַפטליכע עלע-
מענטן, וואָס האָבן געשטערט די קהלות צו רעפאָרמירן און איינהייטליך אנ-
צופירן מיט די אַנשטאַלטן פון סאָציאַלער פאַרזאָרגונג. דערבײַ איז אָבער באַ-
זאָרגט געוואָרן (הערה צום § 4), אַז די קאַפּיטאַלן פון אידישע שולן און
בתי-מדרשים, וואָס זײַנען באַשטימט פאַר רעליגיעזע הצטרכות׳ן, זאָלן אין
אַזעלכע פאַלן בלײַבן אויסשליסליך אין רשות פון די אָנגעוויזענע אינסטי-
טוציעס.

דער פינפטער פאַראַגראַף גיט איבער די פליכטן און פונקציעס פון די
שטאָטישע און גובערניאַלע פאַרוואַלטונגען, ווי אויך פון די שטאַנד-אינסטי-
טוציעס, צו די באַטרעפענדע אידישע קהלה-ראַטן און פאַרוואַלטונגען. דערמיט
ווערט די אידישע באַפעלקערונג ענדליך באַפרײַט פון די פרעמדע משגיחים
איבער ענינים, וואָס זיינען צו זיי גאָר נישט שייך. די אידישע פאַמיליען-רייס-
טערס, די אָריגינאַלן פון די אידישע מעטרישע ביכער און אַלע נויטיגע דאָ-
קומענטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין די שטאָט-אופראַוועס, מוזן אין משך
פון דרײַ חדשים צײַט איבערגעגעבן ווערן אין די אידישע קהלה-פאַרוואַלטונגען.
דער קאָנטראָל איבער די אידישע מעטרישע ביכער מצד די שטאָט-פאַרוואַלטונגען,
וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן צוליב ריין פיסקאַלישע כונות און צוליב׳ן אונ-
צוטרוי צו אידן בכלל און צום ראַבינער, וואָס האָט געפירט די ביכער, בפרט,
ווערט אויף אַזאַ אופן איין מאָל פאַר אַלע מאל אָפּגעשאַפט. פאַראַלעל צו דעם
פאַראגראַף און אין הסכם מיט אים געהט דער פאָלגענדער זעקסטער פאַראַ-
גראַף, וועלכער באַפרײַט די אידישע באַפעלקערונג אויך פון דעם אינערן
משגיח, וואָס איז געווען, אייגענטליך, אַ באַאמטער פון דער אַלגעמיינער מאַכט:
צו דער קהלה געהען איבער אַלע רעכט און פונקציעס פונ׳ם ראַבינער, וואָס
זײַנען אָנגעוויזן אין די אַרטיקלען 913, 914, 915, 919, 920 און 921 פונ׳ם
„געזעץ וועגן שטאַנדן" און זײַנען נוגע דער מעטריקאַציע און רעגיסטראַציע.
די ראַבינערס מוזן אין משך פון דרײַ חדשים איבערגעבן אַלע נויטיגע
דאָקומענטן און ביכער דער קהלה.

אין די ווײַטערע פאַראַגראַפן ווערן אָפּגעשאַפט א רײַהע באַשטימונגען
און פאַראלטערטע באַגרענצונגען, וואָס זײַנען פאַרבליבן אין די געזעצן, ווי א
זכר פון דער אַלטער צײַט: וועגן בויען און עפענען בתי-מדרשים, וועגן
וואַלן פון גבאים, וועגן אָפּהיטן דעם בוי-אוסטאַוו, עפענען חדרים, שיקן קינדער
אין חדרים, וואָס האָבן ניט קיין געהעריגע ערלויבענישן, וועגן קאָנטראָל
איבער מלמדים און אַזוי ווײַטער. קודם כל ווערן די אַלע ענינים אַרויסגענומען
פון רשות פון די שטאָטישע און גובערניאַלע פאַרוואַלטונגען, א טייל פון זיי
ווערט בכלל אָפּגעשאַפן אַלס ניט נויטיגע, א טייל רעכט ווערט איבערגעבן די
קהלות. ניט וועלענדיג אריינמישן זיך אין די אינערע ענינים און לעבן פון
די בתי-מדרשים, האָט די קהלה, אַלס די אָרטיגע נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרוואַל-
טונג, פאָרט געמוזט איבערלאָזן זיך געוויסע השגחה-רעכט, וועלכע עס האָט

פריהער געהאַט די זעלבסטפאַרוואַלטונג. בפרט, אַז די אידישע בתי-מדרשים זײַנען ענג פאַרבונדן מיט א רייהע אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס, וועגן וועלכע די קהלה דאַרף זאָרגן.

## III.

**דער ערשטער קאַפּיטל** פונ׳ם סטאַטוט (אַלגעמיינע כללים) שטעלט קודם כל פעסט, אַז די אידישע קהלות, וואָס ווערן געבילדעט לויט דעם דאָזיגן געזעץ, ווי אויך די קהלות, וואָס זײַנען געשאַפן געוואָרן אויפן סמך פונ׳ם געזעץ פון 2-טן דעקאַבר 1917, זײַנען „**עפענטליך-רעכטליכע אָרגאַנען פון דער אידישער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע**״. דערמיט ווערט פאַריכט דער פעהלער, וואָס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן סײַ אין דער אַלטער געזעצגעבונג וועגן אידן, אַזוי אויך אין די נײַע אַקטן, וואָס זײַנען געווען פאַרבונדן מיט דער אידישער אַווטאָנאָמיע אין אוקראַינע. מען האָט ביז דער לעצטער צײַט ניט באַוויזן צו געבן א קלאָרע יורידישע פאָרמולירונג פון דעם מהות און תוך פון די אידישע קהלות. דערפון, וואָס די אידישע קהלה באַקומט איצט לויט׳ן סטאַטוט די רעכט פון א עפענטליך-רעכטליכן אָרגאַן, דרינגען שוין במילא אַרויס אויך איר שטייער-רעכט בנוגע צו די מיטגלידער פון דער קהלה און אירע פונקציעס, אַלס א יורידישע פערזאָן מיט א גאַנץ ברייטער קאָמפּעטענץ, אַלס אן אָרגאַן, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר א צווײַג פונ׳ם אַלגעמיינעם אַווטאָנאָמען בנין.

אין דער אידישער קהלה — זאָגט דער צווייטער פּאַראַגראַף פון דעמזעלבן קאַפּיטל — געהען אַרײַן **אלע** אידן, וואָס וואוינען אין דעם באַטרעפנדן ישוב, אָבער גלײַכצײַטיג שליסט די קהלה אויס מיט א באַשטימטער כונה די משומדים. דאָס ווערט פאָרמולירט דורך א גאַנץ קלאָרע באַשטימונג, וואָס לאָזט זיך ניט פאַלש אויסטײַטשן: עס ווערן ניט אַרײַנגענומען פערזאָנען, „וואָס האָבן זיך צוגעשריבן צו א ניט-אידישער קירכע (משומדים)״ *). דער פונקט איז, אַלזא, געווענדעט ניט געגן אידן, וואָס האָבן אַנדערע רעליגיעזע **איבערצײַגונגען**, אָדער געהערן בכלל ניט צו קײַן שום קירכע, ווי „**קאָנפעסיאָנסלאָזע**״, נאָר געגן משומדים, וואָס זײַנען אַריבערגעגאַנגען אין אן אנדער רעליגיע.

אין דער פראַגע וועגן **קאָמפּעטענץ** פון די קהלות האָט זיך די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אָפּגעשטעלט אויף אַזאַ פאָרמולע, וואָס זאָל פאַראויס ניט פאַרשמעלערן די ראַמען און דעם קרײַז פון זייער טעטיגקײַט. **אַלע אידישע ענינים** געהען אַרײַן אין דער קאָמפּעטענץ און רשות פון דער אָרטיגער נאַציאָנאַלער זעלבסט-פאַרוואַלטונג, ווי דאָס ווערט אויספירליך אָנגעוויזן אין דעם דריטן פּאַראַגראַף (פונקט א׳ ביז י״ד). דאָ געפינען מיר: ריין

*) די **רעדאַקציע** פון דעם לעצטן זאַץ איז אָנגענומען געוואָרן נעגן די שטימען פון „אחדות״.

ווירטשאַפטליכע פונקציעס, ווי דאָס פאַרוואַלטן מיט די גיטער, קאַפּיטאַלן און שטייערן; אויפגאַבן פון א קאָמונאַלער, בירגערליכער מאַכט, ווי סטאַטיסטיק, רעגיסטראַציע פון טויט-פאַלן, געבורטן און התונות; ענינים פון קולטור, ביל-דונג; סאָציאַלע פאַרזאָרגונג, מעדיציניש‏ע, סאַניטאַרע און יורידישע הילף.

אויף דריי פּאַקטן פון דעם דערמאָנטן פּאַראַגראַף וועגן דער קאָמפּעטענץ איז כדאי באַזונדער זיך אָפּצושטעלן, ווייל זיי כאַראַקטעריזירן בולט דעם קוק פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אויף דעם מהות פון דער קהלה. דער פונקט ד׳ זאָגט, אַז צו דער קאָמפּעטענץ פון דער קהלה געהערט: „איינאָרד-נען און אויסהאַלטן אינסטיטוציעס, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט׳ן אידישן רע-ליגיעזן לעבענס-שטייגער, דהיינו: בית-עלמינ׳ס, שחיטה, מקואות וכדומה“. דערמיט ווערט ריין-פּראַקטיש און זאַכליך געלייזט די פאַרוויקעלטע שטרייט-פראַגע: די קהלה באַטראַכט די רעליגיעזע הצטרכות׳ן פון די אידישע מאַסן אלס א פועל-יוצא פונ׳ם ספּעציפישן רעליגיעזן לעבענס-שטייגער, אַלס רעאַלע באַדערפעניש, וועלכע זי באַפרידיגט דורך דעם, וואָס זי אָרדנעט איין און האַלט אויס באַטרעפענדע אַנשטאַלטן. די קהלה ערפילט דערביי בלויז פאַרוואַלטונגס-אויפ-גאַבן. ווי און דורך וועמען די אַנשטאַלטן וועלן אָנגעפירט, אונטער וועמעס דירעקטער השגחה זיי געפינען זיך—דאָס ווערט פאַראויס ניט באַשטימט.

די אידישע קהלה איז אָבער ניט נאָר א ריין פאַרוואַלטונגס-אָרגאַן, זי דאַרף לויט׳ן סטאַטוט (3 § פונקט י״ב) „פאַרטיידיגן, פאָרשטעלן און באַוואַ-רענען די אינטערעסן פון דער אידישער באַפעלקערונג“. דערמיט ווערט גע-מאַכט א סוף צו דער אַנאַרכיע אינ׳ם אידישן קהלה-לעבן. עס ווערט פעסט-געשטעלט, אַז נאָר די דעמאָקראַטיש אויסגעוועהלטע קהלה איז באַרופן צו רעדן אין נאָמען פון דער אָרטיגער אידישער באַפעלקערונג.

דורך דעם פונקט י״ג ווערט דער טעטיגקייטס-קרייז פון דער קהלה פאַרברייטערט מיט אַ נייעם געביט, וואָס פאַרנעמט איצט אַ חשוב׳ן אָרט אין דעם אידישן לעבן: די קהלות באַטייליגן זיך אין דער רעגולירונג פון דער עמיגראַציע בכלל און אין דער קאלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינא בפרט.

נאָך איין וויכטיגן מאָמענט זעהט פאָראויס דער ערשטער קאַפּיטל (7 §) —דאָס רעכט פון די קהלות צו בילדן פאַרבאַנדן, צונויפרופן צוזאַמענפאָרן, „כדי צו פאַראייניגן זייער אַרבעט בנוגע צום באַפרידיגן די באַדערפעניש, וואָס געהערן צו זייער קאָמפּעטענץ“. אין דעם פּרט קענען זיי זיך נוהג זיין, ווי די שטאָטישע זעלבספאַרוואַלטונגען, נעמליך—שאַפן קהלה-פאַרבאַנדן מיט רעכט פון עפענטליך-רעכטליכע אינסטיטוציעס.

דער צווייטער קאַפּיטל פון סטאַטוט באַהאַנדעלט די סטרוקטור, אויפגאַבן און רעכט פון די קהלה-ראַט, וועלכע ווערן געקליבן אויף צוויי יאָר. אַ קהלה-ראַט קאָן געוועהלט ווערן נאָר אין די ישובים, וואו עס געפי-נען זיך לכל הפחות 100 וועהלער, וואָס אנטשפּרעכן די כללים פון די וואַל-תקנות. די צאָל ראַטסמענער געפינט זיך אין אַ צוריקגעהענדער פּראָפּאָרציע

אין פאַרגלייך צו דער צאָל פון דער באַפעלקערונג. אזוי, באַשטעהט דער ראַט פון אַ קהלה, וואָס צעהלט 100 וועהלער,—פון 11 מיטגלידער; אויף יעדע ווייטערע הונדערט וואַל-באַרעכטיגטע פאַרגרעסערט זיך די צאָל ראַט-מענער אויף איינעם, ביז דער באַשטאַנד פונ'ם קהלה-ראַט דערגרייכט די צאָל פון 20 מיטגלידער, אויב די קהלה האָט 1000 וועהלער (פונקט ב׳ 12 §). אין קהלות, וואָס האָבן מער פון 10.000 וואַל-באַרעכטיגטע, באַשטעהט דער קהלה־ראַט בלויז פון 38 ראַטמענער; אויף איטליכע ווייטערע 2000 וועהלער ווערט פאַרגרעסערט די צאָל ראַטמענער אויף איינעם. דערמיט איז פאָראויס-געזעהן, אַז אין די קהלה-ראַטן זאָלן זיין ניט צו פיל מיטגלידער, כדי זיי זאָלן האָבן די מעגליכקייט פּראָדוקטיוו צו אַרבעטן.

גאַנץ אויספירליך ווערן אינ'ם סטאַטוט פאָרמולירט די פליכטן פונ'ם פרעזידיום (16 §) און פון דעם קהלה-ראַט, אַלס אַזעלכן (17 §). אויסער די געוועהנליכע פונקציעס פון אַ פרעזידיום, ווי די אָנפירונג מיט די זיצונגען און השגחה איבער דער פאַרוואַלטונג, באַשטימט דער סטאַטוט, אַז איינע פון די וויכטיגע אויפגאַבן פונ'ם קהלה-פרעזידיום איז דער „חוב צו פאַרטרעטן די גאַנצע אָרטיגע אידישע באַפעלקערונג אין פאַרהאַנדלונגען מיט אַנדערע נאַציאָנאַלע קהלות, ווי אויך מיט געזעלשאַפטליכע און מלוכה'שע אינסטיטוציעס און זייערע באַאַמטע". דערמיט ווערט בולט אונטערגעשטראָכן, אַז די קהלה איז, אין דער פערזאָן פון דעם פרעזידיום, ניט בלויז אַ רעליגיעזע אָדער אַווירט-שאַפטליכע אָרגאַניזאַציע, נאָר אַ נאַציאָנאַל-פּאָליטישע, וואָס איז טעטיג אין פולן הסכם מיט'ן געזעץ וועגן נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע. דער דאָזיגער מאָמענט, וואָס לעגט זיין חותם אויף דעם גאַנצן סטאַטוט, ווערט אין אים איינציגע מאָל דייטליך באַטאָנט.

דער קהלה-ראַט גופא איז בלויז דער העכסטער געזעצגעבערישער און קאָנטראָלירענדער ארגאַן, וואָס באַשטימט די שטייַערן, גיט אַרויס פאַראָרד-נונגען, באַהאַנדעלט און באַשטעטיגט דעם ביודזשעט, קלייַבט אויס באַאַמטע און אַזוי ווייַטער—אין די ראַמען פון דער קאָמפּעטענץ, וואָס די קהלה האָט. אַלס אַ כלל זיינען זיינע זיצונגען עפענטליך, און די החלטות ווערן אָנגענומען מיט אַ געוועהנליכער מערהייט, אויב אין דער זיצונג באַטייליגט זיך לפחות אַ דריטל פון די ראַטמענער. נאָר צוליב ריין פּראַקטישע טעמים דערלאָזט אין געוויסע מאָמענטן דער סטאַטוט צוויי אויסנאַמען: 1) אין אויסעראָרדענטליכע פאַלן קאָן די זיצונג, לויט אַ באַשלוס פון ⅔ שטימען מיטגלידער פון קהלה-ראַט, ערקלערט ווערן פאַר אַ פאַרמאַכטע, און 2) עקסטרא-זיצונגען, וואָס ווערן צונויפגערופן בשעת פּאָקס-אומגליקן און צוליב מלחמה-אומשטענדן, זיינען גילטיג אַפילו דאַן, ווען עס קומט אַ פינפטער טייל פון די ראַטמענער.

באַטראַכטענדיג דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט פאַר אַ העכסטן מלוכה-אָרגאַן פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע און געפינענדיג, אַז ער מוז האָבן די השגחה איבער דער טעטיגקייט פון די קהלות, כדי ניט צו דערלאָזן, אַז זיי

זאָלן עובר זיין אויף די געזעצן, האָט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג באַשטימט (25 §), אַז „אַלע החלטות„ פון דעם קהלה-ראַט ווערן אויסגעפירט, אויב דער געהעריגער קאָמיסאַר פונ׳ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט וועט אין משך פון צוויי וואָכן, זינט עס ווערט אים צוגעשטעלט ווערן די החלטה, ניט דערלאַנגען קיין פּראָטעסט אין דער אַדמיניסטראַטיווער אָפּטיילונג ביי דער נאַציאָנאַלער פאַרזאמלונג, אַז די החלטה איז עובר אויף די געזעצן״. אויסנאַמען ווערן דערלאָזן נאָר פאַר אויסערגעוועהנליכע פאַלן, אָבער דאַן טראָגט די אחריות פאַר דער אונגעזעצליכקייט דער פּרעזידיום און דער ראַט פון דער קהלה.

מיט דעם דאָזיגן פונקט האָט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג אונדירעקט איינגעפירט אין דער פּראַקטיק פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע אַ נייעם העכסטן אינסטיטוט, אַ מין אדמיניסטראַטיוון געריכט, וואָס קאָנטראָלירט די טעטיגקייט פון קהלות, די וואַלן, די פּראָטעסטן און אַנקלאַגן. דאָס זיינען, אייגענטליך, די פונקציעס פון די אַלגעמיינע מלוכה׳שע אַדמיניסטראַטיווע געריכטן אָדער אָפּטיילונגען, וואָס זיינען פאָראויסגעזעהן פאַר די שטאָט-פאַרוואַלטונגען. אין דער שטרעבונג צו באַפרייען די קהלות פון אַ פרעמדן קאָנטראָל האָט די נאצ. פאַרזאַמלונג געמאַכט דעם ווייטערן קאָנסעקווענטן שריט און געשאַפן אַן אייגענע אַדמיניסטראַטיווע אָפּטיילונג פונ׳ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד.

דער דריטער קאַפּיטל איז אינגאַנצן געווידמעט די קהלה-פאַרוואלטונגען (ועד הקהלה), וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די אויספיר-אָרגאַנען פון די קהלות, וועלכע אַרבעטן אונטער דער הנהגה אין השגחה פונ׳ם ראַט. דורך דער שאַפונג פון קהלה-פאַרוואַלטונגען ווערט איינגעפירט אין קהלה-לעבן אַ זאַכליכער, רעאַלער און פּראַקטישער פּרינציפּ און ס׳ווערט געמאַכט אַ סוף צום בעלי-בתיווען פון צופעליגע מענשען, וועלכע שענקען דעם קהל זייער פרייע צייט. אַלע רעפּרעזענטאַנץ-פונקציעס נעמט אויף זיך דער פּרעזידיום. די גאַנצע אַדמיניסטראַטיווע אַרבעט, וואָס טראָגט אַ ריין פּראַקטישן כאַראַקטער, ווערט איבערגעגעבן צו אַ קאָלעגיע פון ספּעציאַליסטן, וואָס ווערט געקליבן דורך דעם קהלה-ראַט ניט בלויז פון די ראַטמענער, נאָר אויך פון די פּריוואַטע פּערזאָנען, וואָס קאָנען דער קהלה נוצליך זיין אין דער דאָזיגער טעטיגקייט. די מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג, וועלכע געהערן ניט צום ראַט, באַטייליגן זיך אין זיינע זיצונגען בלויז מיט באַראַטונגס-רעכט.

דער פּאַראַגראַף 35 גיט דער פאַרוואַלטונג גאַנץ גרויסע רעכט, כדי זי זאָל קאָנען פריי אַנטוויקלען איר טעטיגקייט און ניט זיין געבונדען דורך צופעליגע מאָמענטן פון קהלה-לעבן. די פאַרוואַלטונגען פירן די מעטרישע ביכער פון דער אידישער באַפעלקערונג און פאַרריכטן די טעות׳ן, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין זיי, שטעלן צונויף די סמעטעס, מאָנען אויף די שטייערן, מאַכן רעוויזיעס פון די גיטער און קאַפּיטאַלן, לאָדן איין באַאמטע א. א. וו.

IV.

די ווייטערע קאַפּיטלן, דער פערטער, פינפטער און זעקסטער, געהערן צו די וויכטיגסטע אינ'ם סטאַטוט, ווייל זיי עפענען אַ נייע תקופה אין דער געשיכטע פון די אידישע קהלות אין מזרח-אייראָפּא, שאַפענדיג פאַר זיי דעם נויטיגן פינאַנציעלן פונדאַמענט. די דאָזיגע קאַפּיטלען זיינען ענג פאַרבונדן מיט דעם זעקסטן פאַראַגראַף פונ'ם גרונד-געזעץ, וועלכער גיט די קהלות דאָס רעכט ארויפצולעגן אויף דער אידישער באַפעלקערונג ספּעציעלע שטייערן און אָפּצאָלונגען. דאָ ווערט ניט בלויז אויספירליך נאָר. מירט דאָס שטייער-רעכט פון די קהלות, נאָר עס ווערן גלייכצייטיג געגעבן גענויע כללים, ווי אַזוי די דאָזיגע שטייערן דאַרפן איינגעמאָנט ווערן און די סכומים אויסגעגעבן. די הכנסה פון די קהלות באַשטעהט הויפּטזאכליך פונ'ם צוגאָב-אָפּצאָל צום מלוכה'שן פּראָגרעסיוון פרנסה-שטייער און פון שטייערן אויף ירושות. די קהלה האָט זיך אָפּגעזאָגט פונ'ם רעכט אַליין אָפּצושאַצן די הכנסות, נאָר זי איז זיך סומך הויפּטזאכליך אויף די אָפּשאַצונגען און נאָרמען פון די אַלגעמיינע מלוכה-אַנשטאַלטן, וואָס האָבן דערצו דעם נויטיגן אַפּאַראַט און אַלע איבעריגע מעגליכקייטן. אַלס אַ יסוד פאַרן צוגאָב-אָפּצאָל ווערט אויף אַזאַ אופן גלעגט דער מלוכה-שטייער. נאָר בנוגע צום ירושה-שטייער נעמט אויף זיך די קהלה אַלע רעכט פון אַליין אָפּשאַצן, אויסרעכענען און אויפמאָנען, ווי דאָס ווערט געוני פאָרמולירט אין אַ רייהע פאַראַגראַפן.

דערמיט ווערט דער ביודזשעט פון דער קהלה געבויט ניט בלויז אויף געזונטע יסודות און באַפרייט זי פון צופעליגע בעלי-טובות, נאָר זי פירט אויך אַריין דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ, לויט וועלכן די לאַסטן, וואָס פאַלן אויפ'ן אידישן כלל, דאַרפן גלייכמעסיג און יושר'דיג פאַרטיילט ווערן אויף אַלע איינוואוינער פונ'ם ישוב, לויט זייער פאַרמעגן און פאַרדינסטן. אויסער די דערמאָנטע שטייערן און אָפּצאָלן, וואָס בילדן מיט זיך דעם יסוד פונ'ם ביודזשעט, געהערן אויך דער קהלה די סכומים, וואָס זי דאַרף באַקומען פון דער מלוכה-קאַסע און פון די אָרטיגע שטאָטישע, אויעזדנע, זעמסקע און וואָלאָסטנע פאַרוואַלטונגען, ניט רעכענענדיג שוין די הכנסה פון די קאַפּיטאַלן, גיטער און אַנשטאַלטן, וואָס די קהלה זעלבסט פאַרמאָגט.

אין פאַלן פון פאָלקס-אומגליקן, פון פאָגראָמען אָדער מלחמות, ווען מען מוז מאָביליזירן אַלע קרעפטן פון דער קהלה, האָט זי דאָס רעכט, מיט אַ מערהייט פון צוויי-דריטל שטימען, איינצופירן אויסעראָרדענטליכע איינמאָליגע שטייערן.

דער גאַנצער סדר פון אָפּשאצן און אויפמאנען שטייערן, די פּרינ- ציפּן פון דער פאַרוויקעלטער פינאַנץ-אָפּעראַציע, ווי אויך די מינימאַלע נאָר- מען פון שטייערן—ווערן אין סטאַטוט גענוי רעגולירט דורך א רייהע באַשטי- מונגען, וואָס זיינען זיך סומך אויף דער פּראַקטיק פון מערב-אייראָפּא, וואו

דער הכנסה-שטייער איז שוין פון לאַנג אָן איינגעפירט סיי פון דער מלוכה און שטאָט, אַזוי אויך פון דער אידישער קהלה (§ 45—51). עס זיינען דערביי גענומען געוואָרן אין אכט די אינטערעסן פון דער אָרעמסטער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע ווערט באפרייט פון שטייער ביי אַ געוויסן מינימום פון הכנסה. דעם קהלה-ראַט איז אויסער דעם געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו באַפרייען פון שטייערן גאַנצע קאַטעגאָריעס, פּראָלאָנגירן די אָפּצאָלן און א. וו.

דער פינפטער און זעקסטער קאַפּיטל נאָרמירן דעם ביודזשעט פון די קהלות, די הכנסות און הוצאות. עס ווערן פעסטגעשטעלט יענע הוצאות, וואָס זיינען אַ מוז פאַר דער קהלה, ווי, למשל, אויסצוהאַלטן א רייהע אינסטיטוציעס, ערפילן התחיבות'ן, צאָלן די באאמטע, ווי אויך דער נאָרמאַלער סדר פון אויסגעבן די קהל'שע געלדער אין הסכם מיט די באַשטעטיגטע „סמעטעס". כדי צו פירן די גאַנצע קהל'שע ווירטשאַפט לויט דעם אייראָפּייאישן מוסטער, ווערט דאָ באַשטימט, אַז אַלע הכנסות און הוצאות מוזן אויסגערעכענט ווערן פאָראויס אויף אַ יאָר. די קהלה-ראַטן דארפן באַשטעטיגן די צוגעשטעלטע אויספירליכע „סמעטעס". בלויז אין די ראַמען פון די „סמעטעס" און איינצעלנע אַסיגנירונגען קאָנען אויסגעגעבן ווערן די קהל'שע סכומים. איטליכער קרעדיט אין דער „סמעטע" מוז זיך סומך זיין אויף באטרעפענדע געזעצן און החלטות פון די קהלה-ראַטן.

דער לעצטער, זיבעטער. קאַפּיטל, באהאַנדעלט די פאראנטוואָרטליכקייט פון דער קהלה, פון איר פאַרהאלטונג און פון די באאמטע פאר עובר זיין אויף געזעצליכע באַשטימונגען. אין דעם פרט ווערט די קהלה צוגענגליכען צו די שטאָטישע זעלבסטפארוואלטונגען,—אירע באאמטע טראָגן די אחריות פאַר זייערע מעשים אין דעם געזוענהליכן סדר. אויב זיי זיינען עובר אויפ'ן ציוויל-רעכט פון פריוואַטע לייט און געזעלשאַפטן, קאָן מען פון זיי מאָנען היזקות.

אויסער דער פאראנטוואָרטליכקייט פאר עובר זיין אויף די אַלגעמיינע מלוכה'שע געזעצן, פירט איין דער סטאַטוט די פאראנטוואָרטליכקייט פון די קהלות און זייערע אָרגאַנען פאַר די העכסטע אנשטאלטן פון דער נאַציאָנאַלער אַווטאָנאָמיע—פאַרן נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט און זיינע באַפולמעכטיגטע. אין דעם פרט געהען אַריבער צו די קאָמיסאַרן פון דעם נאצ. סעקרעטאַריאַט די השגחה-רעכט פון די גובערנאַטאָרן און גראַדאָנאַטשאַלניקעס.

# דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד אין אוקראינע.

(דערקלערונגען צום געזעץ פּראָעקט, וואָס איז אויסגעאַרבעט פון דער יורידישער קאָמיסיע ביים נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט).

צווישן די געזעצן, וואָס פאַרווירקליכן די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין לעבן, פארנעמט דאָס ערשטע אָרט דער געזעץ וועגן די קהלות, וואָס איז אויסגעאַרבעט לויט די גרונד-יסודות, וועלכע זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן אויף דער ערשטער סעסיע פון דער צייטוויַיליגער נאַצ. פאַרזאַמלונג, און באַשטעטיגט געוואָרן דורך דער קליינער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג דעם 21 יאַנוואר 2-טן פעווראַל 1919. די יורידישע קאָמיסיע ביים נאַציאָנאַלען סעקרעטאַריאַט איז גלייך נאָכדעם צוגעטראָטן אויסצואַרבעטן דעם צווייטן געזעץ-פּראָעקט, וועלכער שטיצט זיך אויפן געזעץ פונ'ם 9-טן יאַנוואַר וועגן דער נאַצ.-פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע—דעם פּראָעקט וועגן דעם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראינע. אין דער צייט ווען דער געזעץ וועגן די קהלות האָט פיל פּרעצעדענטן אין דער אַלגעמיינער געשיכטע בכלל און אין דער אידישער געשיכטע בפרט, איז דער געזעץ וועגן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, וואָס באַהאַנדעלט דעם פאַרבאַנד, אַלס אַן אויסגעטיילטן, באַזונדערן אָרגאַניזם, וואָס פירט איין פאַר זיך אין געוויסע גרענעצן פון זיַין נאַציאָנאַלן לעבן באַזונדערע געזעצן—אַ נייַער פאַקט, וואָס האָט ניט קיַין ביַישפּילן אין דער מלוכה-און רעכט-געשיכטע. אמת, ס'איז קיַין ספק ניט, אַז פאַר דער צייט פונ'ם גלות האָט דאָס אידישע פאָלק אין פאַרשידענע פעריאָדן פאַרמאָגט, אין געוויסן הינזיכט, אַ גאַנץ ברייטערע אַוטאָנאָמיע, ווי די וועלכע מיר קאָנען האָפען צו באַקומען אין אוקראַינע. באַזונדערס ברייט איז די אַוטאָנאָמיע געוועזן אין בבל אין דער צייַט פון די ראשי-גליות און גאונים, און שפּעטער אין פוילן און ליטא (אוקראינע איז דעמאָלט אויך געווען אַ טייל פון פוילן און ליטא) —אין דער צייַט פון די „ועדי אַרבע ארצות". די אַוטאָנאָמיע איז אָבער דעמאָלט געווען, פון איין זייט, מער אַ לעבענס-פאַקט, ווי אַ רעכטליכע נאָרמע, און פון דער צווייטער—האָט די מלוכה אַליין ניט פאַרנומען אזא מין אַלוויכטיג און באַדייטענד אָרט אינ'ם לעבן פון פאָלק, ווי אין אונזער צייט, און דעריבער האָט די אַוטאָנאָמיע דעמאָלט ניט אָנגערירט אזוי שטאַרק די הערשאַפט און די רעכט פון דער מלוכה.

אנדערש איז די זאך אין אונזער צײַט. די מאכט פון דער מלוכה נעמט איצט ארום כמעט אלע זעבים פונ׳ם געזעלשאפטליכן לעבן. די אווטאָנאָמיע נעמט צו בײַ דער מלוכה א טייל פון די רעכט אירע, הגם די דאָזיגע רעכט זײַנען, לויט דער הערשענדער מיינונג אין אונזער עפּאָכע, די אומבאדינגטע פּרעראָגאטיוון פון דער מלוכה, וועלכע ס׳איז פארבאטן אנצורירן. דער געזעץ-פּראָעקט וועגן נאציאָנאלן פארבאנד איז א נײַ שאפונג, וואָס האָט ניט קיין פּרעצעדענט אין מלוכה-לעבן. אין דער דאָזיגער ריכטונג האָט שוין אין אפּריל 1918 אָנגעהויבן צו ארבעטן די יורידישע קאָמיסיע בײַם אידישן מיניסטעריום, אָבער זי האָט באוויזן זעהר ווייניג אויפצוטון, ווײַל די מלוכה-ענדערונגען האָבן איבערגעריסן איר ארבעט[1]. די יורידישע קאָמיסיע בײַם נאציאָנאלן סעקרעטאריאט האָט ניט געהאט די מעגליכקײַט אויסצונוצן די מאטעריאלן פון דער דאָזיגער קאָמיסיע און איר איז אויסגעקומען אָנצוהויבן די ארבעט פון אָנהויב.

די וויכטיגסטע פראגע, וואָס דארף באהאנדעלט ווערן אינ׳ם דאָזיגן געזעץ, איז די פראגע וועגן דער קאָמפּעטענץ, וועגן די גרענעצן פון דער טעטיגקײַט פונ׳ם נאַציאָנאַלן פארבאנד. די דאָזיגע פראגע דינט אין משך פון א סך יאָרן אַלס דער שטרײַט-פּונקט, וואָס רופט אַרויס בײַ די אידישע פּאָליטישע פּאַרטייען חלוקי-דעות. די יורידישע קאָמיסיע אָבער האָט אין גײַסט פון די באַשלוסן, וואָס זײַנען פעסטגעשטעלט געוואָרן דורך דער נאַצ. פאַרזאמלונג, בנוגע די קהלות, איינגעשלאָסן אין קרייז פון דער קאָמפּעטענץ פונ׳ם פאַרבאַנד די ענינים: פון בילדונג און קולטור אינם ברייטסטן זין פון וואָרט, סאָציאַל-עקאָנאָמישע טעטיגקייט און יורידישע הילף, סאָציאַלע פאַרזיכערונג, געזונט-אָפּהיטונג, סטאַטיסטיק און מעטריקאציע, די איינאָרדנונג פון דער עמיגראַציע און די מיטווירקונג דער קאָלאָניזאַציע פון פּאַלעסטינא. אין דעם דאָזיגן קרייז איז דער נאַצ. פארבאנד און זײַנע צענטראַלע און אָרטיגע אָרגאנען פולקאם זעלבסטשטענדיג און פון קיינעם ניט אָפּהענגיג. דער נאַצ. פארבאנד נעמט אליין אן פאר זיך געזעצן און פירט זיי אליין דורך אין לעבן. די מלוכה-מאכט האט ניט דאָס רעכט אריינמישן זיך אין דעם דאָזיגן אָפּגעגרענעצטן קרייז, און נאָר אין דעם פאַל, ווען דער פארבאנד געהט ארויס פון די ראַמען פון זיין קאָמפּעטענץ, קאָן די מלוכה וועגן דעם ארייַנטראגן א פּראָטעסט אין דעם העכסטן אדמיניסטראטיוון געריכט פאר צווישן-נאציאנאלע סכסוכים (א נייער אנשטאלט, וואָס דארף געגרינדעט ווערן לויט דעם דאָזיגן געזעץ-פּראָעקט און לויט דעם געזעץ וועגן דער נאַצ.-פּערסאָנאלער אווטאנאמיע—אין דער פּראָעקטירטער געענדערטער רעדאקציע—זעה אויבן אינ׳ם ארטיקל וועגן נאַצ.-פּערס. אווטאָנאָמיע). דער דאָזיגער געריכט באשטימט ענדגילטיג, צי ידער אָדער יענער געזעץ שטעהט אין הסכם מיט דער קאָמפּעטענץ פון פאר-

[1] זעה דאס בוך פון ד״ר מ. זילבערפארב: „דאס אידישע מיניסטעריום און אידישע אווטאָנאָמיע אין אוקראינע״, זייטע 50.

באַנד אָדער ניט. דער פאַרבאַנד האָט פון זיין זייט דאָס רעכט צו פּראָ-טעסטירן פאַרן צווישן-נאַציאָנאַלן געריכט געגן יעדער מלוכה-געזעץ, וואָס רירט אָן די ענינים, וואָס געהערן אריין אין דער קאָמפּעטענץ פון פאַרבאַנד, און צו פאָדערן, אז דער דאָזיגער געזעץ זאָל ווערן אָפּגעשאַפט.

חוץ די זעלבסטשטענדיגע געביטן, אויף וועלכע דער פאַרבאַנד פירט אָן זיין טעטיגקייט, דאַרף דער פאַרבאַנד אויך האָבן די מעגליכקייט צו ווירקן אויף דער אַלגעמיינער מלוכה-פאַרוואַלטונג, כדי צו פאַרטיידיגן די אידישע רעכט און אינטערעסן — בירגערליכע, פּאָליטישע, נאַציאָנאַלע (די רעכט פון אידישער שפּראַך [1]) וכדומה) און די רעליגיאָנס-פרייהייט (שבת-רוהע [1]) וכדומה). צוליב דעם דאָזיגן צוועק האָט דער פאַרבאַנד דאָס רעכט אַר׳ינצוטראָגן אין דעם געזעצגעבענדן מלוכה-אַנשטאַלט זעלבסטשטענדיגע פּעטיציעס און געזעץ-פּראָעקטן און אויך תקונים און ענדערונגען אין די אַלגעמיינע געזעץ-פּראָעקטן. ער האָט אויך דאָס רעכט דורכן שטאַטס-סעקרעטאַר פאַר אידישע ענינים צו פאַר-טיידיגן זיינע מיינונגען און אינטערעסן בנוגע צו אלע פראגען, וואָס שטעהן אויפ׳ן סדר היום אין אוקראַינישן פּאַרלאַמענט און מיניסטאָרן-ראַט. און, בכלל, יעדער פאַראָרדנונג און באשלוס פונ׳ם מיניסטאָרן-ראַט, וואס רירט אָן, לויט דער מיינונג פונ׳ם שטאַטס-סעקרעטאַר, די אידישע ענינים, קאָן ווערן אָנגע-נומען נאָר נאָך דעם, ווי דער אידישער שטאַטס-סעקרעטאַר האָט זיך וועגן דעם אַרויסגעזאָגט. אויב דער מיניסטאָרן-ראַט האָט ניט גענומען אין אַכט די מיינונג פונ׳ם פאָרשטעהער פון דער אידישער נאַציע, האָט דער לעצטער דאָס רעכט זיך צו ווענדן וועגן דעם מיט אן אָנפראגע צום געזעצגעבענדן אַנשטאַלט און צו פאָדערן, אז די פאָדערונגען אָדער באַשלוסן, וואס רירן אָן די רעכט אָדער די אינטערעסן פון די אידן, זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן.

בנוגע די אַלע פראַגען זיינען אין דער יורידישער קאָמיסיע קיינע באַ-זונדערע וכוחים און מיינונגס-פאַרשידענהייטן ניט פאָרגעקומען. ניט אַזוי איז עס אָבער געווען בנוגע אַנדערע געביטן פון דעם פאַרבאַנדס קאָמפּעטענץ. די פראַגע וועגן דער באַציהונג פונ׳ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד צו די רעליגיעזע ענינים האָט אַרויסגערופן גרינדליכע חלוקי-דעות. דער פאָרטרעגער פונ׳ם פּראָ-עקט פונ׳ם דאָזיגן געזעץ אין דער יורידישער קאָמיסיע (פ. דיקשטיין, וועלכער איז אויך דער מחבר פונ׳ם געזעץ-פּראָעקט וועגן נאַצ. פאַרבאַנד) האָט פאָרגעלעגט פעסטצושטעלן, אז דער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד ענטשיידעט זעלבסטשטענדיג אַלע פראַגען וועגן דער באַציהונג פון די נאַציאָנאַלע פאַר-באַנדס-אָרגאַנען צו די רעליגיעזע ענינים. דער פאָרטרעגער איז אַרויסגעגאַנגען

[1]) וועגן דעם רעכט אויף באַנוצן זיך מיט דער אייגענער שפּראַך אין דעם עפנטליכן און געזעלשאַפטליכן לעבן אָדער וועגן דעם רעכט אויף שבת-רוהע דאַרפן, לויט דער מיינונג פון דער יורידישער קאָמיסיע, אַרויסגעגעבן ווערן ספּעציעלע גרונד-געזעצן, פאַרעפענט-ליכט דורך אַלגעמיין-מלוכה׳שער געזעצגעבונג. דעריבער קאָנען מיט די דאָזיגע רעכטן ספּעציעל זיין באַזאָרגט אין דעם געזעץ-פּראָעקט וועגן נאַצ. פאַרבאַנד.

פון דעם שטאַנדפונקט, אז די דאָזיגע פאָרמול וועט געבן דעם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד די מעגליכקייט, אויב ער וועט עס געפינען פאַר נויטיג, אַרויסצוגעבן בנוגע צו דער דאָזיגער פראַגע געזעצן לויט דעם גייסט און די אנשויאונגען, וואָס וועלן הערשן אין דער אידישער געזעלשאַפט. דאָס וועט אויך געבן די מעגליכקייט די אידישע פאַרטייען צו פירן אין דעם הינזיכט אַן אינערליכן קאַמף אינוויינינג אין פאָלק, און יענע איבערצייגונגען, וואָס וועלן זיגן אין דער אידישער געזעלשאַפט. וועלן קאָנען אַרויפלעגן זייער שטעמפּל אין דעם פאַל אויף די געזעצן און טעטיגקייט פון נאַצ. פאַרבאַנד. אויף אַזאַ אופן געהט אַריבער די פראַגע, וואָס רופט אַרויס אַזעלכע שאַרפע הלוקי-דעות, פונ'ם רשות פון דער מלוכה, אין וועלכער מיר וואוינען, צום רשות פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט גופא, וואָס קאָן שוין לויט איר אייגענעם ווילן און פאַרשטאַנד אַרויסטראָגן דעם געהעריגן באַשלוס. אַנדערש געבן מיר דעם אוקראַינער פאַרלאַמענט דאָס רעכט אָנצונעמען אין דער דאָזיגער פראַגע אַן אַלגעמיינעם געזעץ, וואָס וועט זיין אַ מוז-זאַך אויך פאַר דעם אידישן קאָלעקטיוו.

די יורידישע קאָמיסיע אָבער האָט די דאָזיגע אַלגעמיינע פאָרמול אָפּגעוואָרפן. די קאָמיסיע האָט בנוגע צו דער דאָזיגער פראַגע זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ קאָנקרעטער פאָרמול, וואָס שטעהט אין הסכם מיט די באַשלוסן פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג בנוגע די קהלות—אַז דער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד פאַרוואַלטעט מיט די אַנשטאַלטן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט'ן רעליגיעזן לעבענסשטייגער פון דער אידישער באַפעלקערונג.

אויספירליך איז אין דער יורידישער קאָמיסיע אויך באַהאַנדעלט געוואָרן די פראַגע, צי געהט אַריין די געזעצגעבונג וועגן נשואים-רעכט [1]) אין דער קאָמפּעטענץ פון נאַצ. פאַרבאַנד. מען האָט אין דער קאָמיסיע אָנגעוויזן, אַז אַפילו אין די צייטן פון דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפט איז די אידישע באַפעלקערונג געווען מער-ווייניגער אויטאָנאָם אויפ'ן געביט פון נשואים-רעכט, ווייל לויט דעם אַלגעמיינעם געזעץ האָבן אידישע נשואים אין גט'ן געזאַרגט פאַרקומען ויטל דעם אידישן דין. אינ'ם איצטיגן מאָמענט טאָרן זיך אידן ניט אָפּזאָגן פון זעלבסטבאַשטימונג-רעכט אין דעם דאָזיגן געביט. אַנדערש, קאָן קומען אַ צייט, ווען די מלוכה-מאַכט זאָל איינפירן בלויז בירגערליכע נשואים, וואָס זאָלן זיין אַ חוב אויך פאַר אידן. אינ'ם לעצטן פאַל וועלן אידן פאַרלירן, געגן זייער ווילן און אינטערעסן, דאס זעלבסטבאַשטימונגס-רעכט אין אַזאַ וויכטיגן געביט. עס ווערט נאַטירליך ניט פאָרגעלעגט זיך צו שטעלן אויפ'ן שטאַנדפונקט, אַז דער אינסטיטוט פון רעליגיעזע נשואים איז אַ חוב אויף תמיד, וואָס קאָן קיינמאָל ניט געענדערט ווערן. עס דאַרף בלויז

---

[1]) נשואים רעכט—брачвое право

פעסטגעשטעלט ווערן, אַז אַלע פראַגען וועגן נשואים און גט'ן געהן אַריין אין קרייז פון דער קאָמפּעטענץ פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. וועלכער וועט שוין אַליין באַשטימען: צי איבערלאָזן די רעליגיעזע נשואים אין זייער עקזיסטירענדער פאָרם—צי איינפירן בירגערליכע נשואים אַלס רשות אָדער אַלס חוב. אויף אַזאַ אופן וועלן דערגרייכט ווערן צוויי צוועקן: אויב ס'וועט קומען אַ מאָמענט, און ביי אידן וועלן איינגעפירט ווערן בירגערליכע נשואים, וועט דאָס קומען ניט אַלס אַ פועל-יוצא פון דער איבערקערעניש אין די מיינונגען און אנשויאונגען פון די אַרומיגע פעלקער, צווישן וועלכע אידן וווינען, נור די בירגערליכע נשואים וועלן שטעהן אין הסכם מיט די איבערצייגונגען, וואָס וועלן הערשן אין יענעם מאָמענט וועגן דער דאָזיגער פראַגע צווישן דער אידישער באַפעלקערונג. דער צווייטער צוועק, וואָס וועט מיט דעם דערגרייכט ווערן, איז פאָלגענדער: אַפילו די בירגערליכע נשואים, וואָס דער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד וועט איינפירן, וועלן אויך קאָנען טראָגן אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, לויט די אנשויאונגען פון אידישן פאָלק. די בירגערליכע נשואים ווערן אין אַלע לענדער מערסטענטייל איינגעאָרדנעט לויט דעם גייסט פון די רעליגיעזע נשואים, וואָס זיינען דאָרט איינגעפירט, מיט געוויסע ענדערונגען און תקונים. אידישע רעליגיעזע נשואים זיינען אָבער כלל וכלל ניט ענליך צו די קריסטליכע רעליגיעזע נשואים אין די לענדער. אַזוי, צום ביישפּיל, אין ערגעץ ניט וואו עס זיינען איינגעפירט בירגערליכע נשואים, אויסער דעם ראַטן-רוסלאַנד, ווערן ניט דערלאָזן גט'ן בלויז אויפ'ן סמך, וואָס ביידע צדדים, דער מאַן און די פרוי, זיינען מסכים צעשטערן דעם נשואים-אָפּמאַך און זיך צעגעהן; עס פאָדערן זיך געניגענדע מאָטיוון פון ביידע צדדים פאַר אַזאַ צעשטערונג. ווען די מלוכה-מאַכט וואָלט איינגעפירט דעם זעלבן פרנציפּ אויך פאַר אידישע גט'ן, וואו לויט'ן דין פאָדערט זיך בלויז די הסכמה פון ביידע צדדים, וואָלטן דערמיט אָנגערירט געוואָרן די רעליגיעזע איבערצייגונגען פונ'ם אידישן פאָלק, ווייל די מלוכה-מאַכט וואָלט אין דעם פּרט גענומען דער עיקר אין אכט די הערשענדע קריסטליכע געזעצן, אַזוי ווי ס'איז טאַקע פאָרגעקומען אין אַלע מלוכות פון אייראָפּא און אַמעריקא. די יוּרידישע קאָמיסיע האָט דעריבער נאָך לאַנגע וכוחים באַשלאָסן, אַז דאָס רעכט אַרויסצוגעבן געזעצן וועגן אידישע נשואים געהט אַריין אין קרייז פון דער קאָמפּעטענץ פונ'ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד.

אין אַן ענליכן צוזאַמענהאַנג מיט די נשואים-רעכט געפינען זיך אויך די דיני-ממונות (בירגערליכע רעכט), וואָס האָבן אַ שייכות צום פאַמיליען-לעבן—די ירושה-געזעצן, און טיילווייז, אויך די געזעצן וועגן „געשעפטס-פעהיגקייט„ און „רעכטס-פעהיגקייט“ („דעיעספּאָסאָבנאָסט“ און „פּראַוואָספּאָסאָבנאָסט“). די מיינונג פונ'ם פאַרטרעטער איז געווען, אַז די דאָזיגע געביטן פון דיני-ממונות זיינען אייגענאַרטיגע ביי יעדער נאַציע באַזונדער—זיי באַ-

שטימען דעם כאַראַקטער פון יעדער נאַציאָנאַלער רעכט וויסענשאַפט. און אין אונזער צייט, ווען די געשעפטס-פאַרבינדונגען צווישן די לענדער מאַכן מטושטש די דאָזיגע אייגענאַרטיגקייט און שוואַכן אָפּ דעם באַזונדערן כאַראַקטער פון די געזעצן וועגן דיני-ממונות ביי יעדער פאָלק, געפינט דער נאַציאָנאַלער גייסט זיינע שטאַרקסטע שטיץ-פונקטן אין די אויבענדערמאָנטע געביטן פון דיני-ממונות. דורך דעם ווערן אָפּגעהיט די היסטאָרישע יסודות פון דעם נאַציאָנאַלן רעכטס-שטייגער. אַפילו אינ'ם פריהעריגן רוסלאַנד פלעגט די באַפעלקערונג פון פאַרשידענע געגענדן זיין אַווטאָנאָם אין די דאָזיגע געזעץ-געביטן, ווי צום ביישפיל אין בעסאַראַביען, באַלטישן געגענד, טיילווייז טשערניגאָווער, פּאָלטאַווער גוב. א. א. וו. די באַזונדערע געזעצן ווערן אָפּטמאָל פאַרוואַנדעלט אין אַ נאַציאָנאַלן פאַקטאָר, אַפילו ווען זייער מקור איז ניט קיין נאַציאָנאַלער. אַזוי, האָבן זיך די פּאָליאַקן געהאַלטן פעסט ביים קאָדעקס פון נאַפּאָלעאָנ'ען, ווייל אין דער צייט, ווען די רוסישע צאַרישע מאַכט האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג פון זייער נאַציאָנאַלער קולטור, האָט דער דאָזיגער קאָדעקס מיטגעהאָלפן זייער נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג. די פּאָליאַקן האָבן דורך דעם באַפעסטיגט זייערע באַזונדערע געזעצן, הגם דעם מ ק ו ר פון די געזעצן איז גאָר ניט קיין פוילישער, נאָר אַ פראַנצויזישער. דאָס אידישע פאָלק האָט זיינע היסטאָרישע געזעצן, וואָס טראָגן אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דעריבער דאַרף, לויט דער מיינונג פונ'ם פאַרטרעטער אין דער יורידישער קאָמיסיע, דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד האָבן דאָס רעכט אַרויסצוגעבן באַזונדערע געזעצן פאַר אידן וועגן דיני-ממונות, וואָס האָבן אַ שייכות צו פאַמיליען-לעבן—וועגן ירושה-רעכט, וועגן געשעפטס-פעהיגקייט און רעכטס-פעהיגקייט א. א. וו. דאָס הייסט ניט, אַז דער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד איז מ ח ו י ב אַרויסצוגעבן די דאָזיגע געזעצן, אָדער אַז ער מוז אַרויסגעבן געזעצן, וואָס זאָלן זיין אַן איבערזעצונג פונ'ם „חושן משפט“. ער דאַרף נור האָבן ד אָ ס ר ע כ ט און די מעגליכקייט צוטרעטן צו דער דאָזיגער געזעצגעבענדער אַרבעט אין דער צייט, ווען די אידישע געזעלשאַפט וועט זיך אין דעם נויטיגן. אומעמאָלט וועלן, אַלס מאַטעריאַל פאַר די געזעצן, קאָנען אויסגענוצט ווערן סיי די היסטאָרישע דינים פון תלמוד און פוסקים, סיי די מאָדערנע געזעצן פון דער איצטיגער אַרומיגער וועלט.

די יורידישע קאָמיסיע האָט אָבער צו דעם ניט צוגעשטימט און האָט זיך געשטעלט אויף אַ גאַנץ אַנדערן שטאַנדפונקט. און צוליב די פאָלגענדע טעמים. ערשטענס, ווייל אין איצטיגען מאָמענט פיהלט זיך ניט אין לעבן כלל קיין נויטיגקייט אין זעלבסטבאַשטימונגס-רעכט אויף דעם דאָזיגען געביט, און ווייל עס קאָנען ניט געשאַפן ווערן געזעצן, כדי צו באַפרידיגן אַזעלכע לעבענס-פאָדערונגען, וועלכע עקזיסטירן נאָך ניט, נאָר וואָס וועלן על פי השערה מיט דער צייט אפשר אַרויסשוואומען. צווייטענס, ווייל דאָס לעבן אין די רענעצן פון איין מלוכה צווינגט אַלע נאַציאָנען, וואָס באַזעצן זי, צווישן זיי

אויך די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, צו לעבן לויט איינע און דיזעלבע אַלגעמיינע געזעצן אין די ענינים פון דיני-ממונות. דריטענס, די נאַציאָנאַלע זעלבסטבאַשטימונג אין דעם רעכט-געביט איז אויף אַזוי פיל אַ נײַע זאַך אין די שטרעבונגען פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטען, אַז אין איצטיגן מאָמענט וועט זיך געוויס ניט געפינען קיין איין מלוכה אין דער וועלט, וואָס זאָל איינשטימען צו געבן דער נאַציאָנאַליטעט אין דעם דאָזיגן געביט זעלבסטבאַשטימונגס-רעכט.

כמעט צוליב די זעלבע מאָטיוון איז אויך אָפּגעוואָרפן געוואָרן דער פאָרשלאַג פונ'ם פּאַרטרעגער, אַז דער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד דאַרף האָבן דאָס רעכט איינצואָרדנען באַזונדערע געריכטן, וואָס זאָלן באַהאַנדלען די אידישע דיני-ממונות. דער פּאַרטרעגער האָט דערבײַ איבערגעוויזן, אַז דער רבינישער בית-דין, וואָס האָט עקזיסטירט ביז'ן סוף פונ'ם 18-טן יאָרהונדערט, האָט געהאַט צוואַנגס-מאַכט. אין אונזער צײַט האָט ער מער קײַן צוואַנגס-מאכט ניט, נאר מען ווארפט זיך אים אונטער פרייוויליג. דער ערפאָלג פונ'ם בית-דין בײַ דער מאָסקווער איצטיגער קהלה באַווייזט (זעה ווײַטער וועגן דעם אַ ספּעציעלן ארטיקל), אַז אַ וועלטליכער אידישער געריכט ברייגנט גרויסע נוצן דער אידישער באַפעלקערונג, און אַזעלכע באַזונדערע געריכטן וואָלט געווען נויטיג איינצופירן בכלל.

די יורידישע קאָמיסיע האָט זיך אָבער געשטעלט אויפ'ן שטאַנדפונקט, אַז משפט'ן—דאָס איז די פּרעראָגאַטיווע (דאָס ספּעציעלע רעכט) פון די אַלגעמיינע מלוכה-געריכטן, אַז די געשעפטס-באַציהונגען און בירגערליכע רעכטס-באַציהונגען טראָגן ניט קײַן ספּעציפישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און פאָדערן דעריבער ניט קיין ספּעציעלן נאַציאָנאַלן געריכט.

צוליב עהנליכע מאָטיוון האָט די קאָמיסיע אויך ניט געפונען פאַר מעגליך איינצושטימען צום פאָרשלאַג פונ'ם פּאַרטרעגער, לויט וועלכן דער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד האָט דאָס רעכט איינצואָרדנען ספּעציעלע געריכטן, וואָס זאָלן משפט'ן לויט די קרימינעלע געזעצן (דיני-עונשין) די אידן, וואָס זײַנען עובר אויף די דינים פונ'ם נאַציאָנאַלען פאַרבאַנד. די יורידישע קאָמיסיע האָט געפונען, אַז אויך אין קרימינעלע געזעצן זײַנען ניט פאַראַן קײַן נאַציאָנאַלע חלוקים, און אַז אַלע בירגער דאַרפן זיך אונטערוואַרפן דעם אַלגעמיינעם געריכט. די קאָמיסיע האָט זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפונקט, אַז די נאַציאָנאַלע פאָדערונגען, וואָס קאָנען ארויסגעשטעלט ווערן בנוגע צו דער אָרגאַניזאַציע פון די געריכטען, זײַנען בלויז די: 1) דאָס רעכט פון דער אידישער באַפעלקערונג זיך צו באַנוצן מיט איר שפראַך אין די געריכטן (בײַ די שריפטליכע ווענדונגען און געריכטס-פאַרהאַנדלונגען); 2) דאָס רעכט צו פאַרנעמען פּאָסטענס פון ריכטער און שטעלעס פון באאמטע אין געריכטן אין די ערטער, וואו אידן בילדן אַ באַדייטענדע צאָל. וועגן דעם דאַרף אָבער ארויסגעגעבן ווערן אַ ספּעציעלער מלוכה-געזעץ, וואָס איז ניט נוגע

יעם געזעץ וועגן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, וועלכער ווערט באַהאַנדלט אין דער קאָמיסיע.

די צווייטע גרונד-פראַגע, וואָס דער געזעץ וועגען נאַצ. פאַרבאַנד איז באַרופן צו לעזן, איז די פראַגע וועגן די צענטראַלע אָרגאַנען און אַנשטאַלטן און דער נאַצ. אַווטאָנאָמיע. דער געזעץ-פּראָעקט האָט פעסטגעשטעלט פאָל-גענדע סיסטעם פון די אָרגאַנען פון נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. בראש פונ׳ם לעצטען שטעהט די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, וואָס ווערט געוועהלט דורך אַלע אידען אין אוקראַינע לויט דער דעמאָקראַטישער וואַל סיסטעם. דאָס איז דער העכסטער געזעצגעבערישער אַנשטאַלט, וואָס אים זיינען אין דער אָדער אין יענער מאָס אונטערגעוואָרפן די אַלע איבריגע אָרגאַנען. פאַר אנ׳אויספיר-אַנשטאַלט, וואָס ערפילט די באַשלוסן פון דער נאַציאָנאַלער פאַר-זאַמלונג און איז דער העכסטער אָנפירער מיט אַלע ענינים פון דער אַווטאָ-נאָמיע,—ווערט געוועלט דורך דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, און איז אין זיין גאַנצער טעטיגקייט פאַר דער לעצטער פאַראַנטווארטליך—דער נאַציאָנאַ-לער סעקרעטאַריאַט. די אויפגאַבן פונ׳ם פאָרשטעהער פון פאַרבאַנד כלפי חוץ—ערפילט דער שטאַטס-סעקרעטאַר פאַר די ענינים פון דער אידישער נאַציע, וועלכער איז אַ מיטגליד פון מיניסטאָרן-ראַט פון דער אוקראַינער רעפּובליק און טרעט אַרויס אין אַלע מלוכה-אַנשטאַלטן אינם נאָמען פונ׳ם נאַצ. פאַרבאַנד. דעם כאַראַקטער און די פונקציעס פונם דאָזיגן אָרגאַן איז אין דער קאָמיסיע געווידמעט געוואָרן אַ ספּעציעלער פאָרטראַג (פון מ. פאָסטאן, זעה דעם פאָרטראַג אויבן אין דעם בוך). די קאָמיסיע האָט איינגעשטימט מיט די עקרים, וואָס דער דאָזיגער פאָרטרעגער האָט פעסטגעשטעלט בנוגע צו דער פּאָזיציע, וועלכע דער שטאַטס-סעקרעטאַר דאַרף פאַרנעמען כלפי חוץ; וואָס אנבעלאַנגט אָבער זיין שטעלונג בנוגע צו די אינערליכע אָרגאַנען פון דער אַווטאָנאָמיע, האָט די קאָמיסיע אָנגענומען אַן אנדער באַשלוס. זי האָט געפונען, אַז דער העכסטער אויספיר-אָרגאַן, דאָס מיניסטעריום פונ׳ם אידישן פאַרבאַנד (נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט), קאָן געבויט ווערן נאָר אויף קאָלעגיאַלע יסודות. די סיסטעם, וואָס מ. פּאָסטאן האָט פאָרגעלעגט, לויט וועלכער די נאַצ. פאַרזאַמלונג קלייבט אויס נאָר דעם פאָרזיצער פונם אַנשטאַלט און דער פאָרזיצער אַליין קלייבט שוין אויס זיינע חברים, פאַרוואַנדעלט אַלע מיטגלידער פונ׳ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט נאָר אין מיטאַרבייטער פונם פאָרזיצער, און די גאַנצע פּאָליטישע אחריות אָדער לכל הפחות די הויפּט-אחריות פאַלט דאן בלויז אויפ׳ן פאָרזיצער פונ׳ם סעקרעטאַריאַט. די יורידישע קאָמיסיע האָט געפונען, אַז די דאָזיגע סיסטעם ווידערשפּרעכט די דעמאָקראַטישע יסודות און די אַנשויאונגען, וואָס הערשן אין דער אידישער געזעלשאַפט.

דעריבער דאַרף דער אידישער שטאַטס-סעקרעטאַר זיין בלויז אַ פאָרזיצער אינם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט, און ער מוז זיך אין זיין

גאַנצער טעטיגקייט אונטערוואַרפען דער קאָלעגיע, אַלס primus inter pares.

די פראַגע אויף וועלכן אופן דאַרף געוועהלט ווערען דער שטאַטס-סעקרעטאַר, האָט אַרויסגערופן אין דער קאָמיסיע חלוקי דעות: די מינדער-הייט איז געשטאַנען אויף דעם שטאַנדפונקט, אַז, אַלס פּאָרזיצער פונם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט, דאַרף ער ווערען דורכן סעקרעטאַריאַט גופא געוועהלט; מיט דעם וואָלט אונטערשטראָכן געוואָרן, אַז ער איז אונטערגע-וואָרפן דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט, אַלס איינער פון זיינע מיטגלידער. די מערהייט אָבער האָט באַשלאָסן, אַז ער ווערט געקליבען דורך דער נאַציאָנא-לער פאַרזאַמלונג. מיט דעם באַקומט זיין פּאָסטן אַלס פאָרשטעהער פאַר אויסן אַ באַזונדער וויכטיגע באַדייטונג און ער קאָן ריידן אינם נאָמען פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג, און ניט אינם נאָמען פונם נאַצ. סעקרעטאַריאַט. איינגע פון די מיטגלידער פון דער יורידישער קאָמיסיע האָבן פאָרגעשלאָגען אַז דער שטאַטס-סעקרעטאַר זאָל זיין אָפּהענגיג פונם נאַצ. סעקרעטאַריאַט, אַלס זיין פּאָרזיצער, בלויז אין די ענינים פונם סעקרעטאַריאַט; אָבער אַלס שטאַטס-סעקרעטאַר דאַרף ער מיט זיך פּאָרשטעלן אַ באַזונדער אָרגאַן, וואָס גיט אָפּ דין וחשבון און איז פאַראַנטוואָרטליך אין זיין טעטיגקייט דירעקט פאַר דער נאַצ. פאַרזאַמלונג. דער דאָזיגער פּאָרשלאַג באַזירט זיך אויף דעם שטאַנדפונקט, אַז דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט און דער שטאַטס-סעקרעטאַר זיינען אייגענטליך ניט אומבאַדינגט איינס און דאָס זעלבע,—נאָר צוויי נעבענ-שטעהענדע אָרגאַנען, וואָס קאָנען אין זייער טעטיגקייט אויף אַ פּרינציפּעלן, פאָרמעלן אופן סותר זיין איינער דעם צווייטן. ס'איז, אמת, פאַראַן אַזאַ אַנשטאַלט, וואָס שטעהט העכער פון זייביידען און וואָס קאָן מכריע זיין צווישען זיי— די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. מען דאַרף אָבער לכתחלה פאַראויסזעהן, אַז ס'זאָל ניט געשאַפן ווערן אַזאַ מין משונה'דיגע לאַגע, ביי וועלכער ס'זיינען מעגליך קאָנפליקטן צווישן די דאָזיגע אָרגאַנען און אַ שטענדיגער קאַמף, וואָס שטערט דער ערפאלגרייכער שאַפענדער אַרבעט. די יורידישע קאָמיסיע האָט דעריבער באַשלאָסן, אַז דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט גיט דעם שטאַטס-סעקרעטאַר דירעקטיוון בנוגע צו זיין טעטיגקייט, אַלס פאָרשטעהער פונם פאַרבאַנד כלפי-חוץ. דאָס הייסט, אַז דער שטאַטס-סעקרעטאַר איז, אַלס פאָרשטעהער פונם פאַר-באַנד פאַר אויסן, ניט זעלבסטשטענדיג, נאָר ער פירט אָן זיין אַרבעט אין הסכם מיט'ן גאַנצען נאַציאָנאַל-סעקרעטאַריאַט. דעריבער איז ער פאַראַנט-וואָרטליך אין דער דאָזיגער אַרבעט פאַר דער נאַצ. פאַרזאַמלונג ניט אַלס באַזונדער אָרגאַן, נאָר אַלס איינער פון די מיטגלידער פונ'ם נאַצ. סעקרעטאַריאַט און צוזאַמען מיטן לעצטן.

דאָס איז די אַלגעמיינע קאָנסטרוקציע פון די צענטראַלע אָרגאַנען. די פאָרם און דער כאַראַקטער פון די א ר ט י ג ע אָרגאַנען איז שוין פעסטגעשטעלט געוואָרן אינם געזעץ וועגן די קהלות. דער געזעץ פון נאַצ. פאַרבאַנד באַ-

שטימט נאָך, אַלס פאַרמיטלונגס-אָרגאַנען, קרייז פאַרוואַלטונגען, וועלכע ווערן אָרגאַניזירט לויט ספּעציעלע באַשלוסן פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג אין דעם מאָמענט, ווען די נאַצ. פאַרזאַמלונג געפינט עס פאַר נויטיג. די אויספיר-אָרגאַנען פון די קהלות און פון די קרייז-פאַרוואַלטונגען ווערן פאַרפליכטעט צו ערפילן אַלע געזעצן און באַשלוסן פון די צענטראַלע אַנשטאַלטן, אויף וויפיל די דאָזיגע אַרבעט קאָן ווערן אויסגעפירט אין דער פּראָווינץ.

כדי צו שטעלן אין הסכם די אַרבעט פון די אָרטיגע און פון די צענט-ראַלע אָרגאַנען פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע ווערן דורכן געזעץ-פּראָעקט געשאַפן צווייע אַנשטאַלטן: קרייז-קאָמיסאַרן און געהילפס-קאָמיסארן, וואָס ווערן באַשטימט דורכן נאַצ. סעקרעטאַריאַט און וואָס דאַרפן אַכטונג געבן, אַז די אַרבעט אין די קהלות און אין די קרייז-פאַרוואַלטונגען זאָל געטאָן ווערן לויט די עקזיסטירענדע געזעצן, און אַז די אַרבעט, וואָס ווערט אויסגעפירט דורך דער נאַצ. פאַרזאַמלונג און נאַצ. סעקרעטאַריאַט, זאָל ער-פילט ווערן געשיקט און ריכטיג. אויב די קאָמיסאַרן וועלן געפינען, אַז די באַשלוסן, פאראָרדנונגען אָדער די טעטיגקייט פון די קהלות אָדער קרייז-פאַרוואַלטונגען ווידערשפּרעכן דעם געזעץ, אָדער אַז די פאַרוואַלטונגען פירן ניט אויס ווי ס׳געהער צו זיין זייערע פליכטן, דאַן ווענדן זיי זיך מיט פּראָטעסטן צו די אידישע אַדמיניסטראַטיווע געריכטן—צום צווייטן אַנשטאַלט, וועלכער ווערט איינגעאָרדנט דורכ׳ן געזעץ-פּראָעקט. דאָס איז אַן אַנשטאַלט, וואָס איז, אַלס אַ געריכט, זעלבסשטענדיג און וואָס דאַרף אנטשיידן אַלע קאָנפליקטן, וואָס קומען פאָר צווישן פאַרשידענע אָרגאַנען פון דער אַווטאָנאָמיע. ס׳ווערן איינגעאָרדנט צווייערליי אַדמיניסטראַטיווע געריכטן: די ערשטע מדרגה—אַן אַדמיניסטראַטיווע, קרייז-געריכט (די נאַצ. פאַרזאַמלונג שטעלט פעסט די צאָל און די גרענעצן פון די קרייזן), און די צווייטע מדרגה--די קאַסאַציאָנעלע—דער העכסטער אידישער אַדמיניסטראַטיווער געריכט. דער לעצטער דאַרף אויך ערפילן די וויכטיגע אויפגאַבע צו פאַרעפענטליכן די געזעצן פונ׳ם נאַצ. פאַר-באַנד.

אָט דאָס זיינען די וויכטיגסטע גרונד-פראַגען, וואָס זיינען אויפגעשטאַ-נען ביי דער אַרבעט אין דער יורידישער קאָמיסיע, בעת זי האָט באַהאַנדעלט דעם פּראָעקט פונ׳ם סטאַטוט, וואָס אָרדענט איין דעם סדר און פאַרוויר-קליכט די נאַצ.-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע פון די אידן אין אוקראַינע.

---

מיר ברענגען ווייטער די אַלגעמיינע באַשטימונגען פונ׳ם דאָזיגן סטאַטוט פון אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, וואָס די קאָמיסיע האָט אויסגעאַרבעט.

---

# סטאַטוט פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע.

דער דאָזיגער פּראָעקט פון סטאַטוט איז אויסגעאַרבעט דורך דער יורידישער קאָמיסיע ביים נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט און איז פונ׳ם נ. ס. נאָך ניט באַשטעטיגט געוואָרן.

דער סטאַטוט אַנטהאַלט פאָלגענדע טיילן:

קאַפּיטל I. אַלגעמיינע באַשטימונגען,
„ II. די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג,
„ III. דער אידישער נאַצ. סעקרעטאַריאַט,
„ IV. דער שטאַט-סעקרעטאַר וועגן אידישע ענינים,
„ V. די אידישע אַדמיניסטראַטיווע געריכטן,
„ VI. די אידישע קרייז-פאַרוואַלטונגען,
„ VII. די אידישע קרייז-קאָמיסאַרן און זייערע געהילפן,

און — הוספות און ענדערונגען צום געזעץ וועגן די קהלות.

דאָ ווערט געגעבן בלויז דער ערשטער קאַפּיטל — די אַלגעמיינע באַשטימונגען.

## די אַלגעמיינע באַשטימונגען.

די דאָזיגע באַשטימונגען ווערן אַרויסגעגעבן אויפ׳ן סמך פונ׳ם געזעץ פון 9-טן יאַנוואַר 1918 וועגן דער נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע („וועסטניק פונ׳ם ראַט פון די פאָלקס-מיניסטאָרן פון אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק" 1918, 14 №).

אַרטיקל 1. אַלע בירגער פון דער אוקראַינישער רעפּובליק, וואָס געהערן צו דער אידישער נאַציע, בילדן דעם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע.

הערה 1. דאָס געהערן צו דער אידישער נאַציע ווערט באַשטימט אויפ׳ן יסוד פון אַ ספּעציעלן געזעץ וועגן אידישן נאַציאָנאַלן קאַדאַסטער אין אוקראַינע.

הערה 11. אויסלענדער פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט, וואָס געפינען זיך אויף דער טעריטאָריע פון דער אוקראַינישער רעפּובליק, קאָנען

זיך באַנוצן מיט די רעכט, וועלכע ס׳גיט דאָס געהערן צום אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע, אין פאָלגענדע פאַלן: א) אויפ׳ן יסוד פון געגענזייטיגקייט, ד. ה. אויב די מיטגלידער פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע האָבן די זעלבע רעכט אינ׳ם פאָטערלאַנד פון דעם אויסלענדער, ב) אויב אין די אָדער יענע געזעצן און פאַראָרדנונגען פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע איז דאָ א דירעקטע אָנווייזונג, אַז זיי פאַרשפּרייטן זיך אויף די אויסלענדער פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט; ג) אויב ס׳איז קלאָר פונ׳ם אַלגעמיינעם זין און כאַראַקטער פון דעם אָדער יענעם געזעץ און פאַראָרדנונג, אַז זיי האָבן אַ גלייכע שייכות צו די אויסלענדער פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט.

אויף די זעלבע יסודות קאָנען אַרויפגעלעגט ווערן אויף אויסלענדער פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט אויך התחייבות׳ן, אין די גרענעצן, וועלכע עס דערלאָזן דאָס צווישענפעלקערליכע רעכט, ספּעציעלע אָפּמאַכן און קאָנווענציעס.

א ר ט י ק ל 2. דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד אין אוקראַינע פאַרוואַלטעט בכלל מיט אַלע אידישע נאַציאָנאַלע ענינים גאַנץ אַווטאָנאָם. בפרט געהערט צו זיינע צענטראַלע און אָרטיגע אָרגאַנען, וואָס שטעלן אים פאָר, די געזעצגעבונג און פאַרוואַלטונג מיט פאָלגענדע ענינים אין געביט פונ׳ם נאַציאָנאַלן לעבן:

1) פאָלקס-בילדונג (אַלגעמיינע און ספּעציעלע שול און אויסער-שול-בילדונג, העכערע, מיטעלע און נידריגערע בילדונג א. א. וו.) אויך זאָרגן פאַר דער אנטוויקלונג פון אידישער ליטעראַטור, וויסענשאַפט און קונסט (נאַציאָנאַלע וויסענשאַפטליכע אקאדעמיעס, און אינסטיטוטן, ביבליאָטעקן, קונסט-גאַלעריען, מוזעען, טעאַטערן, פאַרלאַגן, שטיצן שריפטשטעלער, געלערטע און קינסטלער א. א. וו.)

ה ע ר ה. די געזעצן און פאַראָרדנונגען פון דער אַלגעמיינער מלוכה-מאַכט: א) וועגן דער אַלגעמיינער צוואַנגס-בילדונג, ב) וועגן מינימאַלן קורס-פעריאָד און מינימאַלער פּראָגראַם פון דער מיטעלער און העכערער שול, ג) וועגן דער מינימאַלער פּראָגראַם פון דער צוואַנג-פאָלקס שול, און ד) וועגן קאָנטראָל איבער דעם ערפילן פון די אויבענדערמאָנטע געזעצן און פאַראָרדנונגען—זיינען א חוב אויך פאַר די מיטגלידער און אנשטאַלטן פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע.

2) פאַרוואַלטן מיט די אנשטאַלטן, וואָס באַפרידיגן די רעליגיעזע לעבענס-באַדערפענישן פון די אידן.

3) געזעלשאַפטליכע אידישע פאַרזאָרגונג (מושבי-זקנים, הייזער פאַר נאַכטלעגער; אנשטאַלטן פאַר וויג-קינדער, קינדער-היימען, ביליגע קיכן א. א. וו.)

4) אָפּהיטן די פאָלקס-געזונדהייט פון דער אידישער באַפעלקערונג מיטלען צו פאַרבעסערן דעם סאַניטאַרן און היגיעניש צושטאַנד פון די אידן; שפּיטאָלן, סאַנאַטאָריעס, שפּיטאָלן פאַר געוויינערינס, אַמבולאַטאָריעס א. א. וו.)

5) סטאַטיסטיק פון דער אידישער באַפעלקערונג; אַלס אַ פּרט: דער אידישער נאַציאָנאַלער קאַדאַסטער, די משפחה-רייסטערס און אַלף-בית-רשימות פון די אידן, די רעגיסטראַציע פון געבורטן, טויט-פאַלן, החונות, גט'ן, די ביכער און אַקטן פונ'ם בירגערליכן צושטאַנד פון די אידן.

6) מיטלען צו פאַרבעסערן דעם סאָציאַל-עקאָנאָמישן צושטאַנד פון דער אידישער באַפעלקערונג, ווי: גרינדן קרעדיט און אַסעקוראַנץ-אַנשטאַלטן, בענק-שפּאָר-קאַסעס, קאָאָפּעראַטיוון, אַרבעט-בעריזעס, קראַנקען-קאַסעס, געזעלשאַפט-ליכע אַרבעט, קעמפן מיט אַרבעטלאָזיגקייט, מיטהעלפן דער טעטיגקייט פון די אויסגלייך-קאַמערן, מיטהעלפן דער אנטוויקלונג פון אַגראַר-ווירטשאַפט, האַנדווערקערייַ, אינדוסטריע און האַנדל צווישן אידן, די שוץ פון אַרבעט-אַסעקוראַנץ אין פאַל פון אַלטקייט, קראַנקהייט און צעשעדיגונג בעת דער אַרבעט; אייַנאָרדנען יורידישע קאָנסולטאַציעס.

7) רעגולירן די אידישע עמיגראַציע בכלל און מיטווירקן דער קאָלאָני-זאַציע פון פאַלעסטינא בפרט.

8) געזעצגעבונג בנוגע צו די פראַגען, וואָס האָבן א שייכות צו די אידי-שע נשואים-רעכט.

9) אַרויפלעגן אָפּצאָלונגען אויף די מיטגלידער פון אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע און אויך אויף די אויסלענדער פון דער אידישער נאַציאָנאַליטעט, וואָס האָבן א פאַרמעגן אויף דער טעריטאָריע פון אוקראַינע, אָדער וואָס געפינען זיך אויף דער דאָזיגער טעריטאָריע (הערה 2 צום ערשטן אַרטיקל פון די דאָזיגע באַשטימונגען; דער אַרטיקל 6 פונ'ם געזעץ וועגן דער נאַציאָנאַל-פערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע).

אַרטיקל 3. אינ'ם קרייַז פון דער קאָמפּעטענץ פון די צענטראַלע און אָרטיגע אָרגאַנען, וואָס פאַרטרעטן דעם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע, געהט אויך אַרייַן:

1) פאַרשטעלן און פאַרטיידיגן די רעכט און אינטערעסן פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אָדער זייַנע מיטגלידער פאַר די אַלגעמיין-מלוכה'שע, זעמסקי, שטאָטישע, וואָלאָסטנע, דאָרפישע און אַנדערע עהליכע אַנשטאַלטן און אויך פאַר די אינסטיטוטן פון די איבעריגע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדן אין אוקראַינע.

2) פאַרזיכערן די מיטגלידער פון אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד די מעגליכקייט צו ערפילן זייערע רעליגיעזע דינים (שבת און יום טוב-רוה שחיטה א. א. וו.), און אויך די מעגליכקייט צו באַנוצן זיך מיט זייער שפּראַך אין די מלוכה-אנשטאַלטן און אין געזעלשאַפטליכן לעבן.

3) אַרייַנטראָגן דורך זייערע פאָרשטעהער אין די אַלגעמיין-מלוכה'שע געזעצגעבערישע אָרגאַנען געזעץ-פּראָעקטן, וואָס האָבן דעם צוועק אָפּצוהיטן און פאַרטיידיגן די רעכט און אינטערעסן פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד און זייַנע מיטגלידער, און אויך אַרייַנטראָגן מיט דעם זעלבן צוועק ענדערונג

גען, תקונים און הוספות אין די געזעץ-פראָעקטן, וואָס ווערן באַטראַכט אין די אַלגעמיין-מלוכה'שע געזעצגעבענדע אָרגאַנען פון דער אוקראַינישער רעפובליק.

אַרטיקל 4. די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג קאָן ענדערן דעם קרייז פון דער קאָמפּעטענץ פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, וועלכער איז פעסטגעשטעלט דורך די פריהערדיגע אַרטיקלען (2 און 3) פון די דאָזיגע באַשטימונגען — זיינע באַשלוכן וועגן דעם דאַרפן באַשטעטיגט ווערן דורכ'ן העכסטן געזעצגעבענדן אָרגאַן פון דער אוקראַינישער רעפובליק; אין פאַל פון חלוקי-דעות צווישן דעם העכסטן אידישן אָרגאַן און מלוכה-אָרגאַן ווערט די פראַגע איבערגעגעבן אין אַן אויסגלייך-קאָמיסיע, וואָס ווערט צונויפגעשטעלט אויף פּאַריטעטע יסודות. די באַשטימונג פון דער אויסגלייך-קאָמיסיע דאַרף ווידער באַשטעטיגט ווערן דורך דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און דורך דעם געזעצגעבענדן אָרגאַן פון דער אוקראַינישער רעפובליק. דער געזעץ-פראָעקט, וואָס ווערט דורך איינעם פון די דאָזיגע אַנשטאַלטן ניט אָנגענומען אין גאַנצן אָדער אין א טייל פון אים, ווערט גערעכענט אַלס אָפּגעוואָרפן.

אַרטיקל 5. אין דעם פאַל, ווען ס'איז דאָ א סתירה אין וועלכע ס'איז פראַגען צווישן די געזעצן, [וואָס דער] אידישער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד אין אוקראַינע האָט אַרויסגעגעבן אויפ'ן יסוד פון די דאָזיגע באַשטימונגען און אויפ'ן יסוד פונ'ם געזעץ וועגן דער נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע, און צווישן די אַלגעמיינע מלוכה-געזעצן, זיינען אָבליגאַטאָריש אויב די דאָזיגע פראַגען געהערן אַריין אינ'ם קרייז פון דער קאָמפּעטענץ פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד — די ערשטע, אין אַלע איבעריגע פאַלן — די לעצטע.

אַרטיקל 6. די חלוקי-דעות וועגן דעם טעטיגקייטס-קרייז צווישן אַנשטאַלטן און אָרגאַנען פון אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע און אָרגאַנען און אַנשטאַלטען פון אַנדערע נאַציאָנאַלע פאַרבאַנדען אין אוקראַינע, און אויך צווישן אַלגעמיין-מלוכה'שע אַנשטאַלטן און אָרגאַנען פון דער אוקראַינישער רעפובליק — ווערן באַשלאָסן דורכ'ן העכסטן צווישן-נאַציאָנאַלן אַדמיניסטראַטיוון געריכט.

הערה. די באַשטימונגען וועגן העכסטן צווישן-נאַציאָנאַלן אַדמיניסטראַטיוון געריכט דאַרפן אַרויסגעגעבן ווערן באַזונדער.

אַרטיקל 7. דער אידישער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט אָדער דער שטאַטס-סעקרעטאַר פאַר די ענינים פון דער אידישער נאַציע קאָנען אַריינטראָגן אין העכסטן צווישען-נאַציאָנאַלן אַדמיניסטראַטיוון געריכט פּראָטעסטן געגן די געזעצן און פאַראָרדנונגען פון דער אַלגעמיינער מלוכה-מאַכט, וואָס רייסן זיך אַריין אין קרייז פון דער טעטיגקייט פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע, און בעטן דעם געריכט צו אנולירן דעם פּראָטעסטירטן געזעץ אָדער די פאַראָרדנונג, אַלס ווידערשפּרעכענדע דעם געזעץ וועגן נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע אין די דאָזיגע באַשטימונגען.

אַ ר ט י ק ל 8. די געזעצן, וואָס דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד אין אוקראַינע גיט אַרויס אין די גרענעצן פון זײַן קאָמפּעטענץ, זײַנען אָבלי-גאַטאָריש פאַר אַלע מיטגלידער פונ׳ם פאַרבאַנד, און אויך אַלע אַנשטאַלטן און באַאַמטע פון דער אוקראַינישער רעפּובליק זײַנען אין די דאָזיגע גרענעצן מחויב די געזעצן אויסצופילן.

אַ ר ט י ק ל 9. די געזעצן, וואָס דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד אין אוקראַינע גיט אַרויס, ווערן פּובליקירט אין די אָפיציעלע אָרגאַנען סײַ פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, סײַ פון דער רעגירונג פון דער אוקראַי-נישער רעפּובליק. דער אידישער העכסטער אַדמיניסטראַטיווער געריכט (אַרט. 20 פון די דאָזיגע באַשטימונגען), וואָס ווערט פאַרפליכטעט צו פאַרעפענטליכן די געזעצן אינ׳ם אָרגאַן פון אידישן פאַרבאַנד, מעלדעט דעם טעקסט פון דעם געזעץ, וואָס דאַרף פּובליקירט ווערן אין דער אידישער און אוקראַינישער שפּראַך, דעם אַנשטאַלט, וואָס האָט דעם פליכט צו פּובליקירן די געזעצן פון דער אוקראַינישער רעפּובליק. דער דאָזיגער אַנשטאַלט איז אין משך פון 10 טעג מחויב צו פאַרעפענטליכן דעם געזעץ, וואָס ער האָט באַקומען, אינ׳ם אָפיציעלן אָרגאַן פון דער אוקראַינישער רעפּובליק.

אָפּזאָגן זיך דאָס צו ערפילן קאָן דער דאָזיגער אַנשטאַלט בלויז אין דעם פאַל, ווען ער אַנערקענט, אַז לויט די דאָזיגע באַשטימונגען געהט דער געזעץ אַרויס מחוץ דער קאָמפּעטענץ פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד. אינ׳ם לעצטן פאַל איז ער מחויב אינ׳ם זעלבן 10—טעגליכן טערמין אַרײַנ-צוטראָגן אַ פּראָטעסט אינ׳ם העכסטן צווישן-נאַציאָנאַלן אַדמיניסטראַטיוון גע-ריכט (אַרט. 6 פון די דאָזיגע באַשטימונגען) און צושיקן גלײַכצײַטיג אַ קאָפּיע פונ׳ם פּראָטעסט צום אידישן העכסטן אַדמיניסטראַטיוון געריכט.

דער העכסטער צווישן-נאַציאָנאַלער אַדמיניסטראַטיווער געריכט איז מחויב אין משך פון 20 טעג, זינט ער האָט באַקומען דעם פּראָטעסט, צו באַשטימען—צי דאַרף דער געזעץ פּובליקירט ווערן אָדער ניט.

אַ ר ט י ק ל 10. די געזעצן, וואָס דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד גיט אַרויס, באַקומען אַ קראַפט פון דעם מאָמענט אָן —

א) ווען זיי ווערן פּובליקירט אין די אָפיציעלע אָרגאַנען פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע און פון דער רעגירונג פון דער אוקראַי-נישער רעפּובליק.

ב) ווען זיי ווערן פּובליקירט נאָר אינ׳ם אָפיציעלן אָרגאַן פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע—אין פאָלגענדע פאַלן: 1) אויב דער אַנשטאַלט, וואָס פּובליקירט די געזעצן פון דער אוקראַינישער רעפּובליק, וועט אין משך פון די 10 טעג, זינט ער האָט באַקומען דעם טעקסט פונ׳ם געזעץ, ניט צושיקן דעם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד קיין קאָפּיע פון אַ פּראָטעסט וועגן דעם דאָזיגן געזעץ (אַבזאַץ 2, אַרטיקל 9 פון די דאָזיגע באַשטימונגען); 2) אויב נאָך דעם, אינ׳ם משך פון אַ נײַעם 20-טעגליכן טערמין וועט דער

העכסטער צווישן-נאַציאָנאַלער אַדמיניסטראַטיווער געריכט ניט אַרויסטראָגן קיין באַשטימונג, אַז דער געזעץ דאַרף ניט פאַרעפּענטליכט ווערן.

אַרטיקל 11. פון דער אַלגעמיינער הכנסה פון דער אוקראַאינישער רעפּובליק און פון די אָרגאַנען פון דער אָרטיגער זעלבסטפאַרוואַלטונג ווערט אָפּגעגעבן אין רשות פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, צו זיינע צענטראַלע און אָרטיגע אָרגאַנען,—אויף די ענינים, וואָס געהן אַריין אין קרייז פון זייער טעטיגקייט,—אַ חלק פון די אַלגעמיינע סומען, וואָס זיינען אַסיגנירט אויף די דאָזיגע באַדערפנישן, לויט דעם ביודזשעט-פּלאַן (סמעטע) פון דער רעפּובליק, פּראָפּאָרציאָנעל דער צאָל מיטגלידער פונ׳ם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד (אַרט. 5 פונ׳ם געזעץ וועגן דער נאַצ.-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאמיע).

אַרטיקל 12. דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד אין אוקראַאינע און זיינע אָרטיגע אָרגאַנען האָבן דאָס רעכט צו מאַכן אויף זייער אייגענער אַחריות הלוואות און אָנצונעמען אַ־דערע פינאַנס-מיטלן, כּדי צו פאַרזיכערן די טעטיגקייט פונ׳ם פאַרבאַנד (אַרט. 6 פונ׳ם געזעץ וועגן דער נאַצ.-פּערסאָ-נאַלער אַווטאָנאָמיע).

אַרטיקל 13. אין אָנהויב פון יעדן יאָר ווערט צונויפגעשטעלט אַ פינאַנס-פּלאַן פון די הכנסות און הוצאות פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַאינע, וועלכער ווערט, נאָך דער באַשטעטיגונג פון דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, עפענטליך פּובליקירט (אַרט. 6 פונ׳ם געזעץ וועגן דער נאַצ. פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע).

אַרטיקל 14. די אָרגאַנען פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַאינע זיינען אַלגעמיין-מלוכה׳שע און עפענטליך-רעכטליכע אָרגאַנען (אַרט. 9 פונ׳ם געזעץ וועגן דער נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאָנאָמיע).

אַרטיקל 15. דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרבאַנד אין אוקראַאינע האט דאס רעכט צו שליסן אָפּמאַכן און פאַראייניגונגען מיט אידישע נאַצי-אָנאַלע פאַרבאַנדן און ענליכע אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער.

אַרטיקל 16. אַלס העכסטע אָרגאַנען פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַר-באַנד אין אוקראַאינע ווערן אַנערקענט: די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, דער אידישער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט און דער שטאַטס-סעקרעטאר פאַר די ענינים פון דער אידישער נאַציע.

דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג געהערט די העכסטע געזעצגעבענדע מאַכט אין פאַרבאַנד; דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט—די העכסטע אויספיר-מאַכט און העכסטע פאַרוואַלטונג מיט די ענינים פונ׳ם פאַרבאַנד (אַרט. 9 פונ׳ם געזעץ וועגן דער נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אַווטאנאמיע).

ביי דער רעגירונג פון דער אוקראַאינישער רעפּובליק געפינט זיך דער שטאַטס-סעקרעטאַר פאַר די ענינים פון דער אידישער נאַציע, וועלכער פאַר-טרעט דעם פאַרבאַנד אין אַלע העכסטע מלוכה-אַנשטאַלטן, ווערט געוועהלט דורך דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און איז פאַר׳ן פאַרבאַנד פאַראַנטוואָרטליך.

אַ ר ט י ק ל 17. אין יעדער ישוב, וואו ס'וואוינען ניט ווייניגער פון 100 אידן-וועהלער, ווערן געגרינדעט קהלה-פאַרזאַמלונגען, וואָס בילדן די אָרטיגע אָרגאַנען פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע. דער קרייַז פון זייער טעטיגקייַט ווערט פעסטגעשטעלט דורכ'ן סטאַטוט וועגן דער אידישער קהלה. די ישובים, אין וועלכע צאָל פון אידן-וועהלער איז ווייניגער פון 100, ווערן בנוגע צו דער אָרטיגער פאַרוואַלטונג צוגערעכענט צו דער נאָהענטסטער אידישער קהלה אינ'ם דאָזיגן אויעזד.

אַ ר ט י ק ל 18. די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג האָט דאָס רעכט, לויט איר אייגענער איניציאַטיוו, אָדער לויט דער השתדלות פון די קהלות, צו פאַראייניגן די גרופע שכנות'דיגע קהלות אין קרייַזן, אָדער פונאַנדערצעטיילן די גאַנצע טעריטאָריע פון אוקראינע אין קרייַזן, כדי צו באַפרידיגן אויפ'ן בעסטן אופן די אַלגעמיינע באַדערפנישן פון אַלע אָדער עטליכע קהלה-קרייַזן.

אַ ר ט י ק ל 19. אין יעדן קרייַז, וואָס ווערט געבילדעט לויט'ן סדר פונ'ם פאָריגן (18) אַרטיקל פון דעם דאָזיגן סטאַטוט גרינדעט זיך א אידישער קרייַז-ראַט, וועלכער וועהלט א קרייַז-פאַרוואַלטונג („אופראוואַ")׳ וואָס איז פאַר אים פאַראנטוואָרטליך. דער קרייַז-ראַט און פאַרוואַלטונג פירן אָן מיט די ענינים, וואָס זייַנען אַלגעמיינע ביַי אַלע אָדער עטליכע קרייזן, און אין די פאַלן, ווען דאָס ווערט אין געזעץ אָנגעוויזן, האָבן זיי דאָס רעכט צו קאָנטראָלירן און אַכטונג צו געבן אויף דער טעטיגקייַט פון די קהלה-פאַרוואַל- טונגען.

• אַ ר ט י ק ל 20. כדי צו אַנטשיידן די פראַגען וועגן דער געזעצליכקייט פון די אָרגאַנען פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראינע, און אויך וועגן די ספסוכים איבער דער אָפּגרענעצונג פון דער קרייַז-טעטיגקייַט פון די אָרגאַנען, ווערן געגרינדעט אידישע אַדמיניסטראַטיווע קרייַז-געריכטן פאַר קרייַזן, וואָס ווערן ספּעציעל צוליב דעם צוועק באַשטימט, און א העכסטער אידישער אַדמיניסטראַטיווער געריכט אין קיעוו, אַלס א קאַסאַציאָנס-אינסטאַנץ.

אַ ר ט י ק ל 21. כדי אַכטונג צו געבן אויף דער געזעצליכקייט פון דער טעטיגקייַט פון די קהלה-און קרייַז-פאַרוואַלטונגען ווערט אין יעדער קרייַז באַשטימט דער אַמט פון א קרייַז-קאָמיסאַר, וועלכער קאָן האָבן איינעם אָדער עטליכע געהילפס-קאָמיסאַרן. די קאָמיסאַרן און זייערע געהילפן ווערן באַשטימט דורכ'ן אידישן נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט.

אַ ר ט י ק ל 22. די פליכט דורכצופירן אויף די ערטער די באַשטימונגען פון דער אידישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג און פונ'ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט ווערט אַרויפגעלעגט אויף די קרייַז-און-קהלה-פאַרזאַמלונגען, לויט זייער אָנגעהעריג- קייַט. די קרייַז-קאָמיסאַרן און זייערע געהילפן גיבן אַכטונג, אַז די פאַרוואַל- טונגען זאָלן פינקטליך ערפילן די פאָדערונגען און אינסטרוקציעס פון די צענטראַלע אָרגאַנען פונ'ם אידישן נאַציאָנאלן פאַרבאַנד אין אוקראינע.

אַ ר ט י ק ל 23. אַלע אָפּצאָלן, וואָס ווערן אײַנגעפּירט דורך די צענט-ראַלע און קרײַז-אָרגאַנען פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד, ווערן אײַנגעמאָנט דורך די קהלה-פאַרוואַלטונגען.

די קהלה-פאַרוואַלטונגען קאָנען לויט דעם געזעצגעבנדן סדר פאַר-פליכטעט ווערן אָוועקצוגעבן א באַשטימטן חלק פון זייערע הכנסות לטובת דעם נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד.

אַ ר ט י ק ל 24. אַלע אַנשטאַלטן און באאמטע פון דער אוקראַינישער רעפּובליק זײַנען מחויב מיט אַלע מיטלען מיטצוהעלפן די אָרגאַנען פונ׳ם אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע בײַם ערפילן די געזעצליכע פאָדע-רונגען פון די דאָזיגע אָרגאַנען.

אַ ר ט י ק ל 25. בנוגע צום אָפּצאָל פון· דער פאסט און טעלעגראַף-קאָרעספּאָנדענץ, ירושה,-געריכט-און אַנדערע אָפּצאָלונגען, טאַריף-פּריווילעגיעס בײַם אײַזענבאַן און אַנדערן טראַנספּאָרט, בנוגע צו משאות באַפרײַטע פון גרענעץ-אונטערזוכונג און אין עהנליכע פאַלן—ווערן די אָרגאַנען פון אידישן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד אַנערקענט אַלס מלוכה-אַנשטאַלטן.

אַ ר ט י ק ל 26. די געשעפטספירונג פון די אָרגאַנען פונ׳ם אידישן נאַצי-אָנאַלן פאַרבאַנד אין אוקראַינע ווערט באַפרייט פון הערבאָווע-אָפּצאָל.

---

תקון טעות:

אין די אַרטיקלען 4, 9, 10 און אנד. דאַרף אנשטאט די ווערטער „די דאָזיגע באַשטי-מונגען" שטעהן „דער דאָזיגער סטאַטוט".

# די פּאָגראָמען.

## די פּאָגראָמען אין אוקראַינע און דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט.

### I.

שוין אין דער ערשטער וואָך נאָכ׳ן נצחון פון דער דירעקטאָריע האָט זיך אין די אָפיציעלע מיליטער-אָרגאַנען פון דער נייער מאַכט, ווי למשל, אין די מודעות פון דעם מיליטערישן „אינפאָרמאַציאָנס-ביוראָ“ און דער „אוקראַינער סטאַווקא“ גאָר אונערוואַרטעט אָנגעהויבן צו פיהלן עפּעס אַ חשוד׳יגע שטימונג בנוגע צו דער אידישער באַפעלקערונג. אַזוי, איז אין דעם ערשטן נומער פון דער קיעווער „אוקראַינער סטאַווקא“ פונ׳ם 16 דעקאַבער 1918,— שוין אויף מאָרגן נאָך דעם, ווי פּעטליורעס חיל האָט פאַרנומען קיעוו,— געווען אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל „די אידישע בורזשואַזיע און די דירעקטאָריע אין אוקראַינע“, וואָס האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די בורזשואַזיע ווענדעט אָן אַלע קרעפטן כדי צו ברענגען שאָדן דער אוקראַינישער רעפּובליקאַנישער באַוועגונג און צו דיסקרעדיטירן די אוקראַינישע רעגירונג“. דערצו האָט דער אַרטיקל געבראַכט די ראַיה, אַז, כלומר׳שט, אין באַרדיטשעוו „האָט די אידישע באַפעלקערונג מ׳טגעהאָלפן מיט אַלע מיטלען די העטמאַנצעס און די דייַטשן אין זייער קאַמף געגן דער רעפּובליקאַנישער מאַכט“. רעדענדיג וועגן דער שנאה פון דער אידישער בורזשואַזיע צו אוקראַינע, ווייַזט די „סטאַווקאַ“ אָן אויף דער „קיעווסקאַיא מיסל“ — „דעם אַסימילאַטאָרישן אָרגאַן פון דער אידישער בורזשואַזיע“, ווי זי רופט זי אָן. די אידישע דעמאָקראַטיע,—שרייבט די „סטאַווקאַ“, מוז באַווייזן, אַז זי שטעהט אַנטשיידן אויפ׳ן צד פונ׳ם אוקראַינישן פאָלק.

גלייַכצייַטיג האָבן זיך אין קיעוו אין דער ערשטער וואָך פון דער נייַער מאַכט אָנגעהויבן צו באַקומען ידיעות, אַז אין אייניגע

ערטער (בראָוואַרי, באַרישעווקאַ און אַנדערע) באַהאַנדעלט דאָס רעספובלי-קאַנישע חיל די אידן אונגעזעצליך: לעגט אַרויף קאָנטריבוציעס ספעציעל אויף דער אידישער באַפעלקערונג, דראָהט די אידן א. א. וו. די דירעקטאָריע איז נאָך דעמאָלסט אין קיעוו ניט געווען, און די רעגירונגס-מאַכט האט געהערט צו דער „קאָמיסאַרן-ראַדע". בעת די פּאָליטישע אונטערהאַנד-לונגען מיט דעם פאָרשטעהער פון דער דאָזיגער „קאָמיסאָרן-ראַדע", דעם דערזשאַוונעם סעקרעטאַר א. קאָרטשינסקי (זעה אויבן דעם אַרטיקל), האָט דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט אָנגעוויזן אויך אויף די אונרוהיגע ידיעות, וואָס קומען פון די ערטער, און אויף דעם אונדע רלאָזבאַרן טאָן, מיט וועלכן די אָפיציעלע אָרגאַנען שרייַבן וועגן אידן און אידישע ענינים. א. קאָרטשינ-סקי האָט בארוהיגט דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט און פאַרזיכערט, אַז די אונגע-זעצליכע באַהאַנדלונג פונ'ם מיליטער אויף די ערטער איז אַ פשוט'ע מיספאַר-שטענדניש, וואָס וועט פאַרשוואונדן ווערן, ווי נאָר דאָס מלוכה-לעבן וועט זיך איינשטעלן.

מיט יעדן טאָג האָבן אָבער פון די ערטער אָנגעהויבן אָנצוקומען אַלץ אונרוהיגערע ידיעות. פון קרעמענטשוג און פון קאַמענעץ-פּאָדאָלסק האָט מען צו יענער צייַט געמאָלדן דעם נ. ס. וועגן אָנפאַלן אויף די קהלה-ראַטן מצד דער אוקראַאינישער מיליטער-מאַכט, פון אנדערע שטעט האָט מען מודיע געווען, אַז ספעציעל אויף דער אידישער באַפעלקערונג לעגט מען אַרויף גרויסע קאָנטריבוציעס און מען פאָדערט דערבייַ ערבות-לייט. ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז מען מוז אנהויבן אַ פילזייטיגע אַקטיווע טעטיגקייַט, כּדי תּיכף ומיד אָפּצושטעלן די דאָזיגע אונגעזעצליכע מעשים, און עס איז אויפגע-שטאַנען אין איר גאַנצער ברייט די פראַגע ווי אַזוי צו באַשיצן די זיכערקייַט פון דער אידישער באַפעלקערונג.

ניט בלויז אין משך פון דער גאַנצער צייט בשעת ס'זיינען געפירט געוואָרן די פּאָליטישע אונטערהאַנדלונגען מיט דער דירעקטאָריע, נאָר אַפילו שפּעטער, נאָך דער באַשטימונג פונ'ם אידישן מיניסטער, ווען די דאָזיגע אונ-טערהאַנדלונגען האָבן זיך פאַקטיש איבערגעריסן, האָט דער נאַצ. סעקרעטאַ-ריאַט כּסדר אינפאָרמירט די רעגירונג וועגן די רדיפות אויף אידן, לויט די ידיעות, וואָס ער פלעגט באַקומען, און געפאָדערט אָפּצושטעלן די גוואַלדטאַטן. דאָס איז געווען מעגליך אַ דאַנק דעם, וואָס די דירעקטאָריע האָט אַנערקערט דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט, אַלס דעם פאַקטישן פאָרשטעהערשאַפטס-אָרגאַן פונ'ם אוקראַאינישן אידענטום: דעריבּער פלעגן זיינע וועגדונגען און מעמאָראַנ-דומס באַהאַנדעלט ווערן אויף די זיצונגען פונ'ם מיניסטאָרן-ראַט; לויט'ן באַש-לוס פון דער דירעקטאָריע, האָט דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט אָפיציעל באַקומען אַ פאָרשטעהערשאַפט אין דער אויספאָרשונגס-קאָמיסיע, וואָס די רעגירונג האָט געגרינדעט. די דעלעגאַטן פונ'ם נאַצ. סעקרעטאַריאַט פלעגן דורך דער די-

רעקטאָריע און די מיניסטארן פאקטיש אויפגענומען ווערן, אַלס פארשטעהער פונ׳ם אוקראַינישן אידענטום.

צום ערשטן מאָל האָט אַ דעלעגאַציע פונ׳ם נאַצ. סעקרעטאַריאַט,— וו. טיאמקין, א. קאַפּלאַן און מ. שוואַרצמאַן—באַזוכט דעם פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע וו. ווינישעטשענקא דעם 23-טן דעקאַבער 1918. רעדענדיג וועגן דער לאַגע פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע, האָט די דעלעגאַציע אים אויך אָנגעוויזן אויף די טרויעריגע ידיעות, וואָס קומען כסדר אָן פון דער פּראָווינץ וועגן דער באַציהונג מצד דעם רעפּובליקאַנישן חיל צו די אידן. וו. ווינישענקא האָט אויסגעזעהן צו זיין שטאַרק פאַרוואונדערט, האָט פאַרצייכענט בייַ זיך די אָנגעוויזענע פאַקטן, צוגעזאָגט אויספאָרשן די זאַך און אָננעמען מיטלען.

זייַן הבטחה האָט אָבער צו גאָר ניט געבראַכט. די גוואַלדטאַטן געגן אידן האָבן ניט אויפגעהערט, אין אַ סך ערטער זייַנען זיי פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אָפענע פאָגראָמען. אַזוי ווי די עקסצעסן האָבן כמעט אויסשליסליך געטראָגן אַ מ י ל י ט ע ר י ש ן כאַראַקטער, האָט דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט באַשלאָסן צו ווענדן זיך צום קריגס-מיניסטער מיט אַן אנטשפּרעכענדער, פאָדערונג. צו דעם צוועק האָט ער צוגעשטעלט דעם קריגס-מיניסטער אַ מ ע מ אָ ר אַ נ ד ו ם וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, וועלכן מיר ברענגען דאָ אין אויסצוגן:

„פאַר די לעצטע טעג ווענדן זיך צום אידישן נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט אַ רייהע פּערזאָנען, וועלכע גיבן איבער וועגן גוואַלדטאַטן, רויבערייען און רציחות, וואָס ווערן באַגאַנגען פונ׳ם אוקראַינישן מיליטער בנוגע צו דער פרידליכער אידישער באַפעלקערונג, און וואָס פאָדערן, אַז די העכסטע קריגס-מאַכט זאָל זיך תיכף און אנטשיידן אַריינמישן.

א פערזאָן, וואָס איז ספּעציעל געקומען, לויט דער באַפּולמעכטיגונג פון דער אידישער באַפעלקערונג, פון לוהין (וואָלינער גוב.) גיט איבער וועגן די שרעקליכע געשעהענישן, וואָס זייַנען פאָרגעקומען אין אָ ו ר ו ט ש ע ר ראַיאָן. אין דעם דאָזיגן ראַיאָן איז ניט לאַנג פאָ־גע-קומען אַן אויפשטאַנד פון פויערים, וועלכע האָבן אַרויסגעטריבן פון אָוורוטש די אָפּטיילונג פונ׳ם אוקראַינישן רעגולערן מיליטער. כדי צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד איז געשיקט געוואָרן אַ אָפּטיילונג פון „סעטשעוויקעס״, וועלכע זייַנען באַגאַנגען גוואַלדטאַטן און געמאַכט פּאָגראָמען אויפ׳ן שטח פונ׳ם גאַנצן וועג, וועלכן זיי זיינען דורכגעגאנגען. אין אָוורוטש גופא, לויט דער מעלדונג פון אייניגע פערזאָנען, וועלכע עס האָט זיך איינגעגעבן דורכצורייַסן קיין לוהין, איז די אידישע באַפעלקערונג אכזריות׳דיג געשלאָגן געוואָרן, דערביי זיינען אומגעקומען אַריבער 25 אידן. אַלע אַרומיגע שטעטלאַך און דערפער וואַרטן אין

שרעק אויף דעם אָנקומען פון מיליטער אָפּטיילונג און ריכטן זיך, אַז ס'וועלן זיך איבער'חזר'ן די אומגליקן פון אָווּרוטש, פּאָטאַפּאָוויטש א. א. וו. די באַפעלקערונג בעט אָנצונעמען אַנטשיידענע מיטלען, כדי די געשיקטע אָפּטיילונג זאָל ניט באַגעהן קיין רויבערייען און רציחות".

דער מעמאָראַנדום שטעלט ווייַטער פעסט די פאַקטן, אַז אין אָלעווסק און אין סאַרני האָט אַ דורכפאָרענדער עשעלאָן פון אוקראינישן מיליטער אַראָפּגעפירט פונ'ם באַן אידישע פּאַסאַזשירן און זיי באַרויבט. אייניגע אַרעסטירטע אידן זיינען „פּאַרפאַלן" געוואָרן.

„די דאָזיגע אַלע שרעקליכע פאַקטן,—פאַרענדיגט דער מעמאָראַנ-דום,--פאָדערן דרינגענד אַן אויספאָרשונג מצד דעם קריגס-מיניסטעריום, און די באַשטראפונג פון די שולדיגע; עס דאַרפן תיכף אָנגענומען ווערן אַנטשיי-דענסטע מיטלען, כדי ניט צו דערלאָזן, אַז אַזעלכע פאַלן זאָלן זיך איבער'חזר'ן. די אידישע באַפעלקערונג דאַרף זיין זיכער, אַז אין דער פרייַער אוקראינע וועלן בנוגע צו איר ניט באַגאַנגען ווערן קיין גוואַלדטאַטן, רויבע-רייען און באַליידיגונגען".

דעם 4-טן יאַנוואַר האָט די דעלעגאַציע פונ'ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט צוגעשטעלט דעם מעמאָראַנדום דעם קריגס מיניסטער. דער מיטגליד פונ'ם נאַצ. סעקרעטאַריאַט—י. בערמאַן און דער אָנפירער פון דער יורידישער אָפּטיילונג ביַים נ. ס.—י. שעכטמאַן האָבן דעם קריגס-מיניסטער ניט געטראָפן, און אויפגע-נומען האָט זיי דער פאָרשטעהער פון דעם מיניסטעריום—אַטאַמאַן בראָנסקי.

דער אַטאמאַן בראָנסקי האָט געפּרובט איבערצייַגן די דעלעגאַטן, אַז אין אַזאַ צייַט, ווען ס'ווערט איבערגעבויט דאָס גאַנצע לאַנד אויף נייַע יסודות, זייַנען אַזעלכע געשעהענישן גאנץ נאטירליך: „אַז מען האַקט דעם וואַלד— פליהען שפענער", ווי ער האָט זיך בוכשטעבליך אויסגעדריקט. די דעלעגאַטן האָבן אים אָבער אָנגעוויזן, אַז ס'איז ניט די צייַט איצט צו פאַרטיפן זיך אין די מאָטיוון, וואָס ברענגען צו עקסצעסן, און אַז עס מוזן תיכף אָנגענומען ווערן ענערגישע טריט מצד דער רעגירונג געגן אַזעלכע פּאָגראָם-עקסצעסן. דער אַטאַמאן האָט, אמת, צוגעזאָגט ניט צו פאַרציהען די זאַך, די דעלעגאציע, אָבער, איז פון אים אַוועקגעגאַנגען ניט גאָר באַפרידיגט.

.II

דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט האָט זיך ניט באַנוגענט מיט'ן באַזוכן די רע-גירונג און האָט באַשלאָסן אָנצוהויבן אַן אַלגעמיינע ברייטע פּראָטעסט-קאמ-פּאַניע געגן די פּאָגראָמען. צוליב דעם צוועק איז ער אַריינגעטראָטן אין אַ קאָנטאַקט מיט די אוקראינישע פּאַרטייען און געזעלשאַפטליכע גרופּן. לויט דער איניציאַטיוו פונ'ם נ. ס. איז דורך די סאָצ.-פעדעראַליסטן (ס. פ.) צונויפגערופן

געוואָרן דעם 8-טן יאַנוואַר 1919 אין דער רעדאַקציע פון „נאָוואַ ראַדאַ" א געמיינזאַמע באַראַטונג, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליגט פאָרשטעהער פון די סאָצ.-פעדעראַליסטן, פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, פון דער געזעלשאַפט „פּראָסוויטאַ" און פון דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט. דעם לעצטן האָבן פאָרגאשטעלט: וו. טיאָמקין, א. קאַפּלאַן, מ. שוואַרצמאַן און י. שעכטמאַן. קיין פאָרשטעהער פון די איבריגע אוקראַינישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן די סאָצ.-פעדעראַליסטן ניט איינגעלאדן, נעמענדיג אין אכט, אַז אין, אַזאַ מאָמענט איז נויטיג די ווירקונג פון דער פרייער געזעלשאַפטליכער מיינונג די דאָזיגע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אָבער זיינען אייגענטליך רעגירונגס-פּאַרטייען, וואָס טראָגן די פאראנטוואָרטליכקייט פאַר דער רעגירונגס-פּאָליטיק. אויף דער באַראַטונג האָבן די פאָרשטעהער פונ'ם נ. ס. געגעבן אַ גענויע אינפאָרמאַציע וועגן דער געשאַפענער לאַגע. ביז צו יענעם טאָג, ביז'ן 8-טן יאַנוואַר, זיינען שוין געווען פאַררעגיסטרירט אַן ערך 15 פּאָגראָמען און פאַלן פון גוואַלדטאַטן אין אידישע שטעט. די פאָרשטעהער פונ'ם נ. ס. האָבן ענערגיש אונטערגעשטראכן די נויטיגקייט פון אַן אַקטיווער אַקציע געגן די פּאָגראָמען מצד די אוקראַינישע געזעלשאַפטליכע גרופּען.

אייניגע פון די אוקראַינישע פאָרשטעהער אויף דער באַראַטונג האָבן אָנגעוויזן, אַז די אוקראַינישע געזעלשאַפט איז בלי ספק מחויב און וועט טון אַלץ, כּדי צו קעמפן מיט די פּאָגראָם-עקסצעסן. די אידן אָבער, פון זייער צד, וואָלטן געדאַרפט אָננעמען אַ באַשטימטע פּאָזיטיווע שטעלונג בנוגע צו דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק און באַווייזן עס טאַקע מיט מעשים. דער נאַצ.-סעקרעטאַריאַט, אַלס דער אָרגאַן, וואָס פארטרעט דאָס אוקראַינישע אידענטום, וואָלט געדאַרפט פאַרעפענטליכן אַ דעקלאַראַציע וועגן דער פּאָזיציע, וואָס די אידישע באַפעלקערונג אין אוקראַינע דאַרף פאַרנעמען בנוגע צו דער נייער מאַכט. די דאָזיגע מיינונג האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפן פּראָטעסט מצד די פאָרשטעהער פונ'ם נ. ס., וואָס האָבן דערקלערט, אַז די דאָזיגע צוויי ענינים טאָרן בשום אופן ניט צונויפגעמישט ווערן: די זיכערקייט פון דער אידישער באַפעלקערונג דאַרף זיין גאַראַנטירט אָהן קיין שום תּנאים. די אוקראַינישע פאָרשטעהער האָבן אויף דעם געענטפערט, אַז אַזאַ אַרויסטריט מצד דער אידישער באַפעלקערונג האָלטן זיי נאָר פאַר געוואונשן, אָבער זיי שטעלן עס ניט אַרויס אַלס אַ תּנאי פאַר זייער אָנטייל אין דער קאַמפּאַניע געגן די פּאָגראָמען.

איינשטימיג איז נאָך דעם אויף דער באַראַטונג באַשלאָסן געוואָרן: שיקן צו דער דירעקטאָריע אַ געמישטע דעלעגאַציע, וואָס זאָל אין נאָמען פון דער אידישער און אוקראַינישער געזעלשאַפטליכקייט פאָדערן, אַז זי זאָל תּיכּף אָפּשטעלן די פּאָגראָמען.

אויף מאָרגן, דעם 9-טן יאַנוואַר, איז די דעלעגאַציע אויפגענומען געוואָרן דורכ'ן פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע וו. ווינניטשענקאָ. אין דער דעלעגאַציע

זײַנען אַרײַן: פאָרשטעהער פון נאַצ. סעקרעטאַריאַט: וו. טיאָמקין און מ. שוואַרצ־מאַן; דער רעדאַקטאָר פון „נאָוואַ ראַדאַ" און געהילפס־פאָרזיצער פון צ. ק. פון דער סאָצ.־פעדער. פאַרטיי—א. וו. ניקאָווסקי, דער פאָרזיצער פון „פראָסוויטאַ"—פ. מ. מאַטושעווסקי, דער געוועזענער יוסטיץ־מיניסטער—א. ג. וויאַזלאָוו, דער רעדאַקטאָר פון „קניהאַר" און פאַרלאַג „טשאַס"—וו. ק. קאָראָליעוו און פראָפעסאָר פלאָרינסקי. א. וו. ניקאָווסקי האָט אָנגעוויזן אויף דעם, אַז דער געוויסן פון דער אוקראַינישער דעמאָקראַטיע קאָן בשום אופן ניט בלייבן גלייכגילטיג, צוזעהענדיג די גרויזאַמקייטן, וואָס ווערן אָפן באַגאַנגען געגן די אידן. וו. טיאמקין און מ. שוואַרצמאַן האָבן אויספירליך באַקאַנט געמאַכט דעם פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע מיט די פאַקטן וועגן די געשעהענישן.

וו. ק. וויניטשענקאָ האָט מיט אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט די דעלעגאַציע און האָט דערקלערט, אַז די רעגירונג האָט שוין אָנגענומען ענערגישע מיטלען געגן די פאָגראָמען, און אַז, צווישן אַנדערע, איז אַרעסטירט געוואָרן דער סאָטניק אַנגעל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיינע מעשים ביי דער סטאַנציע באַכמאַטש. די באַנדע זיינע איז אַנטוואפענט און ער אַליין וועט דערשאָסן ווערן *). און בכלל וועלן אַלע שולדיגע אין די גוואַלדאַטן אַרעסטירט און שטרענג באַשטראָפט ווערן. דערביי האָט אָבער וויניטשענקאָ, אין די ווייטערדיגע רייד, באַמיהט זיך צו באַווייזן, אַז אייגענטליך איז די אמת־אוקראַינישע אַרמיי ניט שולדיג אין די פאָגראָמען, אין דער אַרמיי האָבן זיך אַריינגעגאָסן שוואַרץ־מאה'דיגע עלעמענטן, וועלכע שטרעבן צו באַפלעקן דעם כבוד פון דער רעוואָלוציאָנערער אוקראַינע.

די דעלעגאַציע האָט צוגעשטעלט וויניטשענקאן פאָלגענדע פ אָ ד ע ר ו נ־ג ע ן, וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אויף דער געמישטער באַראַטונג: די דירעקטאָריע זאָל פאַרעפענטליכן אַ דעקלאַראַציע געגן די פאָגראָמען, שאַפן אויספאָרשונגס־קאָמיסיעס מיט'ן אנטייל פון די אידישע און אוקראַינישע געזעלשאַפטליכע גרופן, די פערזענליכע פאראנטווארטליכקייט פאַר די פאָגראָמען זאָל ארויפגעלעגט ווערן אויף די קאָמאַנדירן פון די מיליטער־טיילן און אויף דער ציווילער מאַכט, די שולדיגע זאָלן גלייַך אַרעסטירט און באַשטראָפט ווערן. די דעלעגאַציע האָט אויך געפאָדערט, אַז ביים קריגס־מיניסטעריום זאָל געגרינדעט ווערן אַ ספעציעלע אָפטיילונג מיטן צוועק צו קעמפן געגן די פאָגראָמען. וו. וויניטשענקאָ האָט אויף אַלע פאָדערונגען, אויסער דער לעצטער, מסכים געווען און אפילו געבעטן צושטעלן אים אַ רשימה פון קאַנדידאַטן אין די אויספאָרשונגס־קאָמיסיעס.

דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט, באַקומענדיג די קאַטעגאָרישע פאַרזיכערונג פונ'ם פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע און ניט האָבענדיג דאַן נאָך קיין גרונד ניט צו גלויבן אין די דאָזיגע הבטחות, האָט געפונען פאר נויטיג

*) קיין באַשטעטיגונג פון דעם פאַקט, אַז סאָטניק אַנגעל זאָל ווירקליך דערשאָסן ווערן פאַר זיינע מעשים, האָט זיך דעם נ. ס. שפעטער ניט איינגעגעבן צו באַקומען.

תיכף צו מעלדן וועגן די טריט, וואָס ער האָט אָנגענומען אין קאַמף מיט די, פּאָגראָמען, און וועגן דעם ענטפער פון דער מאַכט, צו די קהלות אויף די ערטער כדי די דאָזיגע מעלדונג זאָל דאָרט קאָנען אויסגענוצט ווערן אין דער באַציהונג מיט דער אָרטיגער מאַכט, אַלס אַ באַווייז, ווי די דירעקטאָריע באַציהט זיך צו פּאָגראָמען. דעם 10-טן יאַנוואַר האָט דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט פאַנאַנדערגעשיקט פאָלגענדע דעפּעשע צו 394 פּונקטן אין אוקראינע, וואו עס געפינט זיך אַ מער-וועניגער באַדייטענדע אידישע באַפעלקערונג.

צו דער אידישער קהלה (נאָמען פון שטאָט).

„דער איד. נאצ. סעקרעטאַריאַט האָט אָנגענומען אַלע מיטלען צו קעמפן מיט די פּאָגראָם-עקסצעסן. די דירעקטאָריע האָט צוגעזאָגט אָנצונעמען ענערגישע מיטלען. די פאראנטוואָרטליכקייט איז אַרויפגעלעגט אויף די קאָמאנדירן און אויף דער ציווילער מאכט. עס שטעהט פאָר דאָס פארעפענטליכן פון א געהעריגער דעקלאַראַציע מצד דער דירעקטאָריע. עס גרינדעט זיך אַן אויספארשונגס-קאָמיסיע מיט'ן אנטייל פון אונזערע פאָרשטעהער. באַרוהיגט די אידישע באפעלקערונג. וועגן אַלע עקסצעסן און וועגן פּאָגראָם-אגיטאַציע גיט אונז צו וויסן.

דער איד. נאצ. סעקרעטאַריאט“.

דעם 12-טן יאנוואר האט די דירעקטאָריע, אין הסכם מיט דער הבטחה פון וויניטשענקא'ן צו פארעפענטליכן אן אויפרוף פון דער רעגירונג, אַרויסגעלאָזט פאלגענדע דעקלאראציע צו דער באפעלקערונג וועגן די פּאגראמען:

„פון דער דירעקטאָריע פון דער אוקראינישער פאָלקס-רעפּובליק.

„באזונדערע גרופּן פון קאזאקן זייַנען אין אייניגע ערטער פון אוקראַינע באַגאַנגען גוואַלדטאַטן בנוגע צו אידן. לויט די אויסגעפאָרשטע ידיעות, זייַנען די קאַזאַקן דערביי פארפירט געוואָרן פון פּראָוואָקאַטאָרן, העטמאנצעס, „פּריוויליגע“ און פון די, וואָס רופן זיך אָן „באלשעוויקעס“. זיי האָבן עס געטאן מיט דעם צוועק, כדי צו באפלעקן די אוקראינישע רעפּובליקאַנישע ארמיי, כדי אַרויסצורופן א שנאה צו דער „קאזאטשעסטוואָ“ מצד דער באַפעלקערונג, כדי אריינצוטראָגן אין לאַנד אַ צערשפּליטערונג און אונאָרדנונג און אומקערן אויף אַזאַ אופן די אַלטע הערשאַפט פון די פּריצים און פון דער בורזשואזיע.

„אייניגע פון די דאָזיגע פּראָוואָקאַטאָרן און פּאָגראָמשטשיקעס זייַנען שוין פארכאַפּט און דערשאָסן געוואָרן, אַנדערע זייַנען איבערגעגעבן צום מיליטערישן פעלד-געריכט.

„די דירעקטאָריע באַפעלט די קאַזאַקן פון דער פאָלקס-אַרמיי און אַלע ערליכע בירגער צו פאַרהאַלטן אַזעלכע פראָוואָקאַטאָרן און אויך אַלע יענע, וואָס אַגיטירן פאַר גוואַלדטאַטן, און זיי תיכף איבערגעבן אין רשות פונ׳ם קריגס-געריכט.

„און די העטמאַנצעס, די קאָנטר-רעוואָליוציאָנערן, וואָס באַהאַלטן זיך אונטער דעם נאָמען פון רעפּובליקאַנער, וואַרענט די דירעקטאָריע אַנטשיידן: דער, וואָס וועט וואַגן צו באַפלעקן אויף דעם אָדער יענעם אופן דעם כבוד פון דער ארמיי פונ׳ם ארבעטענדן רעוואָליוציאָנערן אוקראַינישן פאָלק, דער וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן.

„דאָס גאַנצע-זשע דעמאקראטישע אידענטום רופט די דירעקטאָריע צו אַן ענערגישן קאמף מיט יענע באזונדערע אַנאַרכאָ-באָלשעוויסטישע מיטגלידער פון דער אידישער נאַציע וואָס טרעטן אַרויס געגן דעם ארבעטענדן פאָלק פון אוקראַינע און איר מלוכה-עקזיסטענץ, ווייל די דאָזיגע עלעמענטן גיבן די העטמאנצעס און פראָוואָקאַטאָרן אַ מעגליכקייט צו אַ דעמאַגאָגישער און שעדליכער אגיטאציע געגן דעם אידענטום, וואָס האָט ניט קיין שיכות צום באָלשעוויזם, און ברענגען די אוקראַינער, די הייסע פאַרטיידיגער פון יעדן אַרבעטענדן פאָלק, צו א מיספאַרשטענדניס בנוגע דער אידישער דעמאָקראַטיע, וואָס איז ניט אַנאַרכאָ-באָלשעוויסטיש און איז טריי דער אוקראַינישער מלוכה״

גע׳חתמ׳עט: ״דער פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע—וו. וויניטשענקא די מיטגלידער פון דער דירעקטאָריע: שוועץ, אַנדריעווסקי מאקארענקאָ, פעטליורא״.

אַזוי ווי אין קיעוו גופא האָט זיך אין יענע טעג אויך געפירט אן אַנטי-סעמיטישע אַגיטאַציע, און אין שטאָט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אז ס׳וועלן אויסברעכן עקסצעסן געגן אידן, איז דעם 13-טן יאנוואר ארויסגעגעבן געוואָרן דער פאָלגענדער באַפעל דורכ׳ן קיעווער קאָמאַנדיר פונ׳ם באַלאַגערונגס-קאָרפּוס:

„אַזוי ווי די געזעצליכע אָרגאַנען פירן אַן אַנטשיידענעם קאַמף מיט די אינערליכע פיינט פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק, באַפעל איך אַלע געזעלשאַפטליכע און מיליטער-אָרגאַניזאַציעס צו קעמפן געגן אונ-טערזוכונגען אויף אייגענע אחריות („סאַמאָטשיני״), אַרעסטן און דערשי-סונגען, מיט וועלכע די פיינט פון דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק באַנוצן זיך צוליב פראָוואָקאַציאָנס-צוועקן.

„איך וועל זיי אונ׳ברחמנות׳דיג איבערגעבן צום מיליטערישן פעלד-געריכט, כדי צו באַשטראָפן אויפ׳ן שטרענגסטן אופן.

„דאָס אוקראַאינישע פאָלק האָט געפירט אַ שווערן קאַמף פאַר זײַן זעלבסשטענדיגקײַט און פרײַהײַט, און האָט דעריבער געקאָנט און קאָן זיך באַציהען מיט גרויס אַכטונג און ליבע צו דער פרײַהײַט פון אנדערע פעלקער. דעריבער וועל איך אנטשיידן פאַרפאָלגען יענע פראָוואָקאַטאָרן, וואָס פאַרשפרייטן קלאַנגען, אַז ס'זײַנען מעגליך אידישע פאָגראָמען, אָדער וואָס רופן צו זיי, און וועל זיי איבערגעבן צום מיליטערישן פעלד-געריכט, אַלס פאַרברעכער געגן דער אוקר. פאָלקס-רעפּובליק.

„פאַר „סאַמאָטשיני" אונטערזוכונגען זײַנען שוין דערשאָסן געוואָרן די קאַזאַקן: מיכאַיל באָלאָטני און ניקאָלאַי איוואַנאָוו.

„פאַר פּאָגראָם-אַגיטאַציע זײַנען דערשאָסן געוואָרן: סטאַניסלאַוו פּאָליאַנסקי און ניקאַנאָר סאַוועליעוו.

"געחתמ'עט: דער צײַטווײַליגער שטעלפאַרטרעטער פונ'ם קאָמאַנדיר פונ'ם באלאגערונגס-קארפּוס—אטאמאן מעלניק.

פּאָליטישער רעפערענט—סטאַרשינאַ טשאַיקאָווסקי".

.III

די דירעקטאָריע האָט, אַלזאָ, פאָרמעל איר הבטחה ערפילט,—זי האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג, אָבער דער דאָזיגער אויפרוף פרובט אין א געוויסער מאָס אַרויפוואַרפן די אַחריות פאַר די פּאָגראָמען און עקסצעסן אויף אַ טייל פון די אידן גופא—אויף די „אידישע באָלשעוויקעס" („אַנאַרכאָ-באָלשעוויסטישע מיטגלידער פון דער אידישער נאַציע"). און עס איז פאַרשטענדליך, אַז אַזעלכע אַקטן מצד דער דירעקטאָריע, ווי אויך אַ רייהע אַנדערע פאַקטן, ווי, למשל, דער ענטפער, וואָס וו. ווינישענקאָ האָט געגעבן דער דעלעגאַציע פון אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דעם 11-טן יאַנוואַר, ניט רעדענדיג שוין וועגן דער אַגרעסיווער און העצערישער האַלטונג פון איינינגע אָפיציעלע אוקראַאינישע אָרגאַנען, האָבן אַרויסגערופן בײַ דער אידישער באַפעלקערונג ניט בלויז אַ שטאַרקע אַנטטוישונג אין דער דירעקטאָריע, נאָר אַן ערנסטע אומרוהיגקײַט און אויפרעגונג. עס איז געוואָרן קלאָר, אַז דער קאַמף געגן די פּאָגראָמען און פּאָגראָם-שטימונגען דאַרף זיך פירן ניט בלויז אין די ראַמען פון אָפיציעלע פּאָליטישע אונטערהאַנדלונגען, נאָר אויך אויף אַ ברייטער געזעלשאַפטליכער אַרענע, כדי עס זאָלן ניט פאַרשוויגן ווערן די עולות און גוואַלדטאַטן.

דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט האָט דעריבער גלײַכצײַטיג מיט די אונטערהאנדלונגען אָנגענומען אויך ענערגישע מיטלען צו אינפאָרמירן די פּרעסע און די געזעלשאַפט וועגן די געשעהענישן; ער האָט סיסטעמאַטיש פאַרעפענטליכט דורכ'ן „אידישן פּרעס-ביוראָ" און דורך די אידישע צײַטונגען

אלע ידיעות וועגן די פּאָגראמען. נאָר די שטרענגע צענזור און דער באַלאגע-רונגס-צושטאנד האָבן אָפּט געבראַכט דערצו, אז די ידיעות פלעגן זיך באַווייַזן אין דער פּרעסע אין אַ פאָרם, וואָס איז געווען זעהר ווייַט פון דער ווירק-ליכקייַט. אפילו די אונטערהאַנדלונגען מיט דער דירעקטאָריע און די הבטחות פון ה׳ וויניטשענקאָ פלעגן באַדייַטענד געקירצט און שטאַרק פאַרענדערט ווערן. דאָך איז דער עיקר פון די געשעהענישן באַקאַנט געוואָרן דעם ברייטן עולם און האָט געמאַכט צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אַ רושם.

אַזוי ווי דאָס פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע לעבן איז געווען כמעט פאַראַליזירט דורך דעם באַלאגערונגס-צושטאַנד און אַזוי ווי די קליינע נאַציאָנאַלע פארזאמלונג האָט באַקומען די מעגליכקייַט אָפּצוהאלטן אירע עפענט-ליכע זיצונגען, האָט זיך, במילא, אַהינצו אריבערגעטראָגן דער צענטער פונ׳ם געזעלשאַפטליכן קאַמף געגן די פּאָגראָמען און געגן דער האַלטונג פון דער רעגירונג. דאָס, וואָס די פּרעסע האָט פארשוויגן צוליב דער צענזור, איז אָפן ערקלערט געוואָרן פון דער טריבונע פון דער קליינער נאַציאָנאַלער פאַרזאמלונג; דאָס, וואָס די רעלעגאציעס האָבן ניט געקאנט מודיע זייַן אין די בלעטער מכח די געשעהענישן אויף די ערטער, איז פּרייַ אַרויסגעזאָגט געוואָרן אויף די זיצונגען פון דער קליינער נאַציאָנאַלער פארזאמלונג, וואו דער נאַציאָנאַלער סעקרע-טאַריאט פלעגט רעגולער אָפּגעבן אַ דין-וחשבון וועגן זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט דער רעגירונג.

די וואָקעלדיגע פּאָזיציע פון דער דירעקטאָריע בנוגע צו די פּאָגראָמען און די וועלכע זי האט געשטיצט, אַז טיילווייַז זייַנען די אידן אַליין שולדיג אין די דאָזיגע בלוטיגע געשעהענישן, האָבן אַרויסגערופן מצד דער קליינער נאַצ. פאַרזאמלונג אַ באזונדער שארפן פּראָטעסט. הגם איר אויפגאַבע איז געווען צו פארנעמען זיך הויפּטזאַכליך מיט פּראקטישער געזעצגעבערישער ארבעט און מיט די קאָנסטיטוציאָנעלע פראגען פון דער אידישער אַווטאָנאָמיע, האָט זי געמוזט אָפּווענדן איר אויפמערקזאַמקייַט פון דער דאָזיגער אַרבעט און ענערגיש רעאַגירן אויף די שרעקליכע פּאָגראָמען, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו פאַרפלייצן מיט אידיש בלוט דעם גאַנצן שטח פון אוקראינע. די לויפענדע פראגען זייַנען אָפּגערוקט געוואָרן אויפ׳ן הינטערגרונד, און אין דער ערשטער שורה איז געשטעלט געוואָרן די פּאָגראָם-פראַגע. עס זייַנען אָנגענומען געוואָרן שאַרפע פּראָטעסט-רעזאָלוציעס און ס׳איז געלעגט געוואָרן אַ יסוד פאַר די אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געזאָלט קומען צו הילף די געליטענע פון פּאָגראָמען. אַלע פּראָטעסט-רעזאָלוציעס זייַנען צוגעשטעלט געוואָרן דער דירעקטאָריע, אַ טייל פון זיי זייַנען פאַרעפענטליכט און איבערגעשיקט געוואָרן קייַן אויסלאַנד.

אויף איר צווייטער זיצונג, דעם 2-טן יאַנוואַר 1919, האָט די קליינע נאַציאָנאלע פארזאמלונג צום ערשטן מאָל באַהאַנדעלט די פראַגע און האָט,

נאָך די באַריכטן פונ׳ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט, איינשטימיג אָנגענומען אַ פּראָטעסט-רעזאָלוציע, פאָדערענדיג פון דער רעגירונג, אַז זי זאָל תיכף אָננעמען מיטלען געגן פּאָגראָמען (זעה ווייטער די רעזאָלוציע אינ׳ם באַריכט וועגן דער קליינער נאַציאָנאַלער פארזאמלונג, 2-טע זיצונג.)

די גאַנצע פערטע זיצונג (דעם 12-טן יאַנוואַר) האָט זיך די קליינע נאַצ. פאַרזאַמלונג פאַרנומען מיט דער זעלבער פּאגראם-פראַגע. מיט אַן אויסעראָרדענטליכער מעלדונג זיינען אַרויסגעטראָטן די פאָרשטעהער פון באַרדיטשעווער קהלה-דעלעגאַציע—ה׳ ליפּעץ און ה׳ קיסליאנסקי. „מען האָט אונז באפולמאַכט,—האָט געזאָגט דער ערשטער רעדנער, שילדערענדיג דעם פּאגראם אין באַרדיטשעוו, — מיר זאָלן אייך באַקאַנט מאַכן מיט די פאַקטן פונ׳ם פּאָגראָם און פאָדערן פון אייך, אַז איר זאָלט אַלע פראַגען אַוועקלעגן אָן אַ זייט און אָנשטרענגען די גאַנצע ענערגיע, כדי צו ווירקן, אַז די בלוטיגע געשעהענישן זאָלן אָפּגעשטעלט ווערן״. אונזער דעלעגאַציע,—האָט געזאָגט דער צווייטער פאָרשטעהער,—איז געשיקט געוואָרן כדי ווענדן זיך צו אַלע אידישע אנשטאַלטן און צו אלע אוקראַינישע מלוכה-אָרגאַנען, און אַפּעלירן צו דער ברייטער עפענטליכקייט״.

אינ׳ם נאָמען פונ׳ם נאַצ. סעקרעטאַריאַט איז אַרויסגעטראָטן א. קאַפּלאַן, וועלכער האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן די שריט, וואָס זיינען פונ׳ם נ. ס. אָנגענומען געוואָרן. „דער נ. ס.—האָט ער צווישן אנדערעס געזאָגט—האָט זיך געווענדעט צו דער דירעקטאָריע און מיליטערישער מאַכט און אָנגעוויזן זיי, אַז אין די פּאָגראָמען זיינען טיילווייז שולדיג די אָנפירענדע מיליטער-קרייזן און די אַנטיסעמיטישע העצע פון אייניגע אָפיציעלע אָרגאַנען און פירער. דער נ. ס. האָט געפאָדערט, אַז ס׳זאָל באַשטימט ווערן אן אויספאָר-שונגס-קאָמיסיע מיט ברייטע פולמאַכטן—מיט׳ן רעכט איבערגעבן צום געריכט אַלע שולדיגע אין די פּאָגראָמען, ניט קוקענדיג אויף זייער הויכן פּאָסטן. די דירעקטאָריע האָט צוגעזאָגט די פאָדערונגען צו ערפילן, זי האָט עס אָבער ניט געטון. די דעקלאַראַציע, וואָס זי האָט פאַרעפענטליכט, קאָן בשום אופן אונז ניט צופרידענשטעלן״.

נאָך דעם זיינען אויף דער זיצונג אַרויסגעטראָטן פאָרשטעהער פון די פיר פראַקציעס, וועלכע האָבן אַלע אויסגעדריקט זייער שאַרפן פּראָטעסט און אומצופרידענהייט מיט דער דעקלאַראַציע. „זאָלן וויסן די לייט פון דער דירעקטאָריע,—האָט געזאָגט דער פאָרשטעהער פון „פאָלקספאַרטיי״ וו. לאַצקי,— אַז זיי הויבן זיך אָן מיט אַ וועלט-פאָלק, וואָס האָט שוין גובר געווען אַ סך געגנער. אָנהויבן זיך מיט אונז איז פאַר זייער מלוכה געפערליך. אוקראַינע גרייט זיך צו אַ מלוכה-עקזאַמען, און ס׳האַלט דערביי, אַז זי זאָל דעם עקזאַמען ניט אויסהאַלטן: די פּאָגראָמען וועלן זיי דינען, אַלס אַ צייגניש פון באַרבאַריזם. אונזערע פּראָטעסטן קאָנען און וועלן האָבן אַ וועלט-ווירקונג״.

נאָך די רעדעס האָט די פאַרזאַמלונג אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן די פּאָגראָמען, וועלכע דריקט אויס דעם צאָרנדיגן פּראָטעסט געגן די גוואַלדטאַטן און באַרבאַרישע מעשים", געגן דעם, וואָס „פון די בלוטיגע געשעהענישן ווערט געמאַכט אַ מלוכה-סוד", וועלכע דערקלערט די דעקלאַ-ראַציע פאר אַ לחלוטין אונבאַפרידיגענדע, און פאדערט פון דער דירעקטאָריע דרינגענד אָנצונעמען ענערגישע מיטלען (אויספירליך זעה די רעזאָלוציע ווײַ-טער אינ׳ם באַריכט וועגן דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג).

דעם 15-טן יאַנוואַר איז פאָרגעקומען אַ זיצונג (די פּינפּטע) פון דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג, וואו מען האָט ווידער באַהאַנדעלט די פּאָגראָם-פראַגע. עס איז אַרויסגעטראָטן דער דעלעגאַט פון זשיטאָמירער קהלה—ה׳ עליאַסבערג, וועלכער האָט דערצעהלט וועגן די שרעקליכע געשעהענישן אין שטאָט און וועגן דעם, אַז אין קיעוו איז געקומען פון זשיטאָמיר אַ דעלעגאַציע צו זוכען שוץ.

נאָך דעם האָט א. קאַפּלאַן, אינ׳ם נאָמען פונ׳ם נ. ס., באַקאָנט געמאַכט מיט נײַע פאַקטן וועגן פּאָגראָמען אין אַ רייהע פּונקטן: וועגן דער שחיטה אין אָוורוטש, לעטיטשעוו, וועגן די שרעקן אין טשערניכאָוו, פּרילוקי, זגוריטשי, סלאַוואוטע און פילע אַנדערע.

די שטימונג פון דער נאַצ. פאַרזאַמלונג איז געוואָרן נאָך שאַרפער און צאָרנדיגער. ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז מען מוז עפענען אַ פּלאַנמעסיגע קאַמפּאַ-ניע געגן דער פּאָגראָם-סיסטעם.

„דאָס בלוט פון אונזערע ברידער,—האָט געזאָגט דער פּאָרזיצער פון דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג א. גאָלדשטיין,—שרײַט צו אונז, נאָר מען דערשטיקט דעם געשריי, מען לאָזט אַפילו ניט פאַרעפענטליכן די אָנגענומענע פּראָטעסט-רעזאָלוציעס". די דאָזיגע שטימונג פון מאַכטלאָזיגקײַט איז באַזונדערס שאַרף אויסגעדריקט געוואָרן אין דער רעדע פון מ. גראָסמאַן, דעם מיטגליד פון דער ציוניסטישער פראַקציע: „מיר האָבן אַליין באַגריסט די רעגירונג און די אַרמיי, פון וועלכע ס׳זײַנען שפּעטער אַרויס די פּאָגראָם-באַנדעס,—און דאָס בינדט אונז איצט. מיר האָבן ניט געגלויבט, אַז די „רעגירונג פון דעמאָ-קראַטיע" וועט זיך אַזוי דיסקרעדיטירן. מיר האָבן תחילת געמיינט, אַז די פּאָגראָ-מען זײַנען צופעליגע עקסצעסן. די רעגירונג האָט אָבער קיינע מיטלען ניט אָנגענומען. פּעטליורע זאָגט אָפן און קלאָר: „Не ссорьте меня с моей арміей". די גאַנצע אחריות וועט פאַלן אויף די, וועלכע ערלויבן אַפילו ניט צו פאַרע-פענטליכן זייערע הבטחות".

נאָך די רעדעס האָט די קליינע נאַצ. פאַרזאַמלונג אָנגענומען צוויי רעזאָלוציעס: איינע, לויטן פאָרשלאַג פונ׳ם פאַרשטעהער פון פראַקציע „צעירי-ציון" י. מערעמינסקי, וועגן ערקלערן איבער אוקראַינע אַ ט ר ױ ע ר-ט אָ ג, כדי אויסצודריקן דעם טרויער-געפיל און פאַראייניגן אַלע קהלות אין

אַ פּראָטעסט-שטימונג געגן די גוואַלדטאַטן. די צווייטע, לויטן פּאָרשלאַג פון וו. לאַצקי („פּאָלקספּאַרטיי״), וועגן דעם, אַז „דער נ. ס. זאָל זיך ווענדן צו אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס מיט׳ן פּאָרשלאַג צו שאַפן אַ צענטראַלן פּאַר-אייניגטן קאָמיטעט, פון פּאָרשטעהער פון אַלע פּאַרטייען, פּאַר מאַטע-ריעלער און יורידישער הילף די געליטענע פון פּאָגראָמען (די רעזאָלוציעס זעה ווייטער אין באַריכט וועגן דער קליינער נאַצ. פּאַרזאַמלונג).

אויספירענדיג דעם באַשלוס פון דער נאַצ. פּאַרזאַמלונג, האָט זיך דער נ.-ס. דעם 21 יאַנוואַר געווענדעט צו אַלע קהלות מיט אַ צירקולאַר (נומ. 3) וועגן די פּאָגראָמען איבער אוקראַינע און וועגן דעם אָפּקלאַנג, וואָס די גע-שעהענישן דאַרפן אַרויסרופן. דער צירקולאַר רופט די קהלות אין אַלע שטעט און שטעטלאַך צום פּראָטעסט-טרויער. „זאָלן אין אַלע ערטער גלייך אָרגאַניזירט ווערן ספּעציעלע טרויער-טעג, דאַן ווען די אָרטיגע קהלה וועט עס געפינען פּאַר פּאַסענד. און זאלן אין די יזכר-טעג אָפּגעשטעלט ווערן די אידישע וואַרשטאַטן און געשלאָסן ווערן די אידישע געשעפטן. דער איד דער אַרבעטער, דער בעל-מלאכה, דער קרעמער און סוחר דאַרפן אין דעם טאָג אָפּהאַלטן זיך פון זייערע טאָג-טעגליכע באַשעפטיגונגען. און זאָלן אין די טעג פּאָרקומען אין אַלע קהלות פּאָלקס-פּאַרזאַמלונגען וועגן דעם אידישן אומגליק. „עס דאַרף אָבער זיין ניט בלויז אַ טאָג פון טרויער... די אידישע באַ-פעלקערונג אין אוקראַינע, און ספּעציעל די, וועמען די פּאָגראָם-כוואַליע האָט צום גליק ניט באַרירט, זיינען מחויב צו שאַפן הילף און שטיצע פּאַר די באַרויבטע און בלוטיג-געליטענע ברידער. און די טרויער-טעג דאַרפן ווערן די טעג, ווען עס מוז אָרגאַניזירט ווערן אַ ברייטע געלט-זאַמלונג לטובת די קרבנות״.

דער דאָזיגער צירקולאַר האט ארויסגערופן אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג אין די קהלות אויף די ערטער. אין אַ רייהע שטעט זיינען איינגעאָרדנעט געוואָרן טרויער-טעג, צונויפגערופן געוואָרן פּאָלקס-מיטינגען. די פּראָטעסט-רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אויף די דאָזיגע פּאַרזאַמלונגען ארויסגעטראָגן געוואָרן, זיינען געוועזן צוגעשיקט צום נאַצ. סעקרעטאַריאַט, אַ טייל פון זיי איז געוועזן צוגעשיקט גלייך פון די ערטער אויך צו דער צענטראַלער רעגירונג. אין פיל ערטער זיינען דערביי פּאָרגעקומען געלט-זאַמלונגען. צום באַדויערן אָבער, האָבן א סך קהלות, צוליב דער זעהר שלעכטער באַן-פּאַרבינדונג, ניט ערהאַלטן דעם צירקולאַר.

אין הסכם מיט׳ן צווייטן באַשלוס פון דער קליינער נאַצ. פּאַרזאמלונג וועגן שאַפן א פּאַראייניגטן קאָמיטעט צו העלפן די פּאָגראָם-געליטענע, האָט דער נ.-ס. גלייך צעשיקט איינלאַדונגען צו אַלע אידישע פּאַרטייען (אַחדות, בונד, פּאַראייניגטע, פּאָלקס-פּאַרטיי, פּאָלקס-פּראָגרעסיווע פּאַרטיי, פּועלי-ציון, ציוניסטן און צעירי-ציון) און צו די פּאָלגענדע אַנשטאַלטן: קיעווער קהלה, „צ. ועד״, „קאָפּע״, „יעקאָפּא״, „אָזע״ און „אָרט״. דעם 18-טן יאַנוואַר איז

פאָרגעקומען די אָרגאַניזאַציאָנס-זיצונג פון דעם קאָמיטעט, אונטער דעם פאָרזיץ פון מ. קריינין, צו וועלכער עס זיינען געקומען פאָרשטעהער פון כמעט אלע איינגעלאדענע אנשטאַלטן, אויסער די דריי סאָציאַליסטישע פאַרטייען. אויף דער זיצונג זיינען פאָרגעקומען לעבהאַפטע ויכוחים—צי דאַרף דער הילפס-קאָמיטעט זיין אַבסאָלוט אומאָפהענגיג און פאַר קיינעם קיין פאַראַנטוואָרטליכקייט ניט טראָגן, אָדער, זייענדיג פולקאם אַווטאָנאָם אין דער איגערליכער אַרבעט, דאַרף ער טראָגן די אחריות פאַר דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג. לויט וועמעס איניציאַטיוו ער איז באַשאַפן געוואָרן. די גרעסערע מערהייט האָט אָנגענומען דעם לעצטן באַשלוס.

דעם 20-טן יאַנוואַר איז פאָרגעקומען די צווייטע זיצונג פונ'ם פראָעקטירטן הילפס-קאָמיטעט, צו וועלכער עס איז געקומען אַ דעלעגאַציע, אינ'ם באַשטאַנד פון נ. גערגעל, ה. פיינלייב און נ. שטיף. די דעלעגאציע איז געקומען צו דערקלערן, אַז לויט דער איניציאַטיוו פונ'ם אידישן מיניסטעריום גרינדעט זיך אן עהנליכער הילפס-קאָמיטעט, און אַז די דאָזיגע צוויי קאָמיטעטן דאַרפן זיך פאַראייניגן; די תנאים דערביי זיינען: 1) דעם קאָמיטעט זאָלן בילדן פאָרשטעהער ניט פון פאַרטייען, נאָר פון געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, און 2) ער זאָל ניט זיין פאראנטוואָרטליך פאַר דער קליינער נאצ. פארזאַמלונג און זעלבסטשטענדיג אין זיין אַרבעט. דערביי האָט די דעלעגאַציע קעטעגאָריש פאַרזיכערט אינ'ם נאָמען פונ'ם איד. מיניסטעריום און פון די לינקע פאַרטיי-טוער בכלל, אַז מיט דער גרינדונג פון אַזאַ הילפס-קאָמיטעט ווערן ניט פארפאלגט קיינע פאָליטישע צוועקן, אז דער וואונש איז בלויז—בילדן אַ פאַראייניגטן קאָמיטעט פון אַלע ריכטונגען, כדי צו שאַפן די נויטיגע הילף פאַר די פּאָגראָם-געליטענע. נאָך אַ לענגערן ויכוח צווישן די צוויי צדדים האָט די דעלעגאַציע באַקומען דעם ענטפער, אַז די פראַגע וועגן דער פאראנטוואָרטליכקייט פאַר דער נאַצ. פאַרזאַמלונג בלייבט דערווייל אָפן, אָבער אַ פאָרשטעהערשאַפט פון פאַרטייען מוז אויך דערלאָזט ווערן. אין צוויי טעג ארום איז די דעלעגאַציע געקומען מיט ענטפער, אַז עס ווערן אין פרינציפּ אָנגענומען די דאָזיגע פשרה-תנאים. אויף אזא אופן איז געשאפן געוואָרן אַ פאראייניגטער הילפס-קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געבילדעט פון פאָרשטעהער פון ביידע צדדים. די דאָזיגע אנשטאלט עקזיסטירט אויך איצט אונטערן נאָמען „צענטראלער קאָמיטעט צו העלפן די געליטענע פון פּאָגראָמען" (גענויער וועגן דער גרינדונג פונ'ם קאָמיטעט לויט'ן באַשלוס פון דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג זעה ווייטער, אַ ספּעציעלן אַרטיקל.)

IV.

צו יענער צייט האָבן צום נאַצ. סעקרעטאַריאַט אָנגעהויבן אנקומען ידיעות וועגן פּאָגראָמען אין אַלץ נייע און נייע פונקטן. אין דער פּרעסע איז

וועגן די אַלע שרעקליכע געשעהענישן געווען דעמאָלט פארבאָטן צו שרייבן, און נאָר דורך אַ צופאַל פלעגן זיך אין די אידישע און זעהר זעלטן אין די אוק-ראינישע צייטונגען דורכרייסן קורצע ידיעות וועגן דער בלוטיגער פּאָגראָם-כוואליע. ס׳איז געווען אַ בפירוש׳ע פּאָליטיק מצד די אָנפירענדע אוקראינישע קרייזן. אין איר רעזאָלוציע דעם 12-טן יאַנוואַר האָט שוין די קליינע נאַצ. פאַרזאַמלונג שאַרף פּראָטעסטירט געגן דעם, וואָס די רעגירונג מאכט פון די אידישע פּאָגראָמען אַ „מלוכה-סוד". דאָס זעלבע האָט פון וו. וויניטשענקאָ אויך געפאָדערט די דעלעגאַציע פון די אידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען און פון די פאָרשטעהער פון באַרדיטשעוו און זשיטאָמיר דעם 11-טן יאַנוואַר. אויף דעם האָט וו. וויניטשענקאָ געענטפערט, אז ביז די פּאָגראָמען זיינען ניט אויסגעפאָרשט, איז ניט באקוועם, די פרעסע זאָל וועגן זיי אָפן שרייבן. דעם פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע האָט, לערך אין דער זעלבער צייט, באַזוכט אַ דעפּוטאַצ׳יע אויך פון דער קיעווער שטאָט-דומע וועגן אָננעמען מיטלען געגן אַ מעגליכן אידישן פּאָגראָם אין קיעוו. זיי האָבן בשעת מעשה אויך באַרירט די פראַגע וועגן די געשעהענישן אין זשי-טאָמיר און בארדיטשעוו. וו. וויניטשענקאָ האָט געענטפערט, אַז די דירעקטאָריע ווייס וועגן דעם אַ טייל פון די מיליטער-טיילן אין די דאָזיגע פּאָגראָמען, אָבער די שולדיגע וועלן באַשטראָפט ווערן און עס וועט געגרינדעט ווערן אַן אויספאָרשונגס-קאָמיסיע. אפילו אָט די ווערטער פונ׳ם פאָרזיצער פון דער דירעקטאָריע האָט די צענזור ניט ערלויבט די צייטונגען צו פארעפענטליכן. אַזוי שטרענג איז געווען דער פארבאָט צו דערצעהלן וועגן פּאָגראָמען אויף אידן.

ניט קוקענדיג אויף די הבטחות פון וו. וויניטשענקאָ אויסצופאָרשן די געשעהענישן, באַשטראָפן די שולדיגע און בכלל אָנצונעמען מיטלען, איז אין דעם פרט גאָר ניט אויפגעטאָן געוואָרן. דערווייל האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען נייע ידיעות וועגן בלוטיגע געשעהענישן, וואָס האָבן איבערגעשטיגן אַלץ, וואָס איז ביז דעמאָלט פאָרגעקומען. דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט האָט אָנגעהויבן צו ערהאַלטן פון אַלע עקן אוקראַינע טעלעגראַמעס און בריף, וואָס זיינען געווען פול מיט וועה-געשרייען און וואָס האָבן געבעטן הילף געגן אָנפאַלן און רויבערייען. נאָך גרעסער איז געווען די צאָל פון פערזענליכע ווענדונגען: דעלעגאַטן פון קהלות, ספעציעלע שליחים אָדער פריוואַטע פערזאָנען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פונ׳ם פּאָגראָם-גיהנום און זיינען געקומען אין קיעוו, אָפט מיט מסירות נפש, כדי דאָ צו זוכן שוץ. מען פלעגט קומען ניט בלויז פון די נאָהענטע ערטער, נאָר אויך פון די ווייטערע קהלות (אָווראטש, אָלעווסק, לעטיטשעוו, קרעמענטשוג, זשיטאָמיר, באַרדיטשעוו א. א. וו.). די מאַטעריאַלן וועגן דער פּאָגראָם-באַוועגונג און די פּאָליטישע הילפס-אַרבעט ארום דעם האָבן זיך אָנגעהויבן קאָנצענטרירן ביים נאַצ. סעקרעטאַריאַט. דער נאָרמאַלער גאַנג פון דער לויפענדער אַרבעט אינ׳ם נ. ס. איז אין אַזאַ נערוועזער אַטמאָספער אַרום די טראַגישע געשעהענישן געווען אונמעגליך. די גאַנצע אויפמערזאַמקייט האָט

זיך געדאַרפט קאָנצענטרירן אויף די באַלדיגע שריט—ווי צו ראַטעווען די אידישע באַפעלקערונג.

שוין גלייַך בייַ די ערשטע ידיעות וועגן די פּאָגראָמען האָט דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט געגרינדעט א ספּעציעלע יורידיש-פּאָליטישע אָפּטיילונג פאַר פּאָגראָם-ענינים (אונטער דער פאַרוואַלטונג פון י. שעכטמאַן). די דאָזיגע אָפּטיילונג פלעגט זאַמלען דעם גאַנצן מאַטעריאַל—וועגן דער האַלטונג פון די אוקראַינישע אָרגאַנען און דער שטימונג אין די אוקראַינישע געזעלשאַפטליכע און אָפיציעלע קרייַזן, ווי אויך דעם מאַטעריאַל, וואָס פלעגט זיך באַקומען פון די ערטער, דורך די טעלעגראַמען, בריף און דורך די פּערזענליכע מעלדונגען פון שליחים און קהלה-פאָרשטעהערס. די אָפּטיילונג פלעגט אויך צוגרייטן דעם גאַנצן מאַטעריאַל פאַר די מעמאָראַנדומס צו די מאַכט-אָרגאַנען און פאַר די אונטערהאַנדלונגען מיט דער רעגירונג, וועלכע דער נ. ס. האָט געפירט בנוגע דער פּאָגראָם-לאַגע.

דעם 17-טן יאַנוואַר האָט אַ דעפּוטאַציע פונ׳ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט (א. קאַפּלאַן, י. שעכטמאַן און אַ פאָרשטעהער פון דער לעטיטשעווער קהלה) באַזוכט דעם פאָרזיצער פונ׳ם מיניסטאָרן-ראַט, וו. טשעכאָווסקי׳ן, און אים איבערגעגעבן וועגן די מורא׳דיגע גוואַלדטאַטן, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן אין לעטיטשעוו, אָוורוטש, זשיטאָמיר, באַרדיטשעוו, פּרילוקי און אַ גאַנצער רייהע אַנדערע שטעט. אויף וו. טשעכאָווסקי׳ן האָבן די אַלע ידיעות און פאָדערונגען קאַנטיג געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער שענדליכער ראָלע, וואָס עס שפּילן אין דער אוקראַינישער אַרמיי די רעאַקציאָנערע אָפיצירן און די „סאַמאָטשיני״ מיליטער-אָפּטיילונגען. צום סוף האָט ער געבעטן תיכף צושטעלן אים א מעמאָראַנדום וועגן אַלע קאָנקרעטע פאָדערונגען אין דעם הינזיכט און האָט פאַרשפּראָכן אָנצונעמען אַלע נויטיגע מיטלען. זעגענענדיג זיך, האָט וו. טשעכאָווסקי געזאָגט: „ברידער אידן! איר קאָנט זיך ניט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ וועהטאָג מיר פיהלן, הערענדיג וועגן אַזעלכע מעשים אין דער פרייער אוקראַינע״...

אויפ׳ן צווייטן טאָג האָט דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט דורך זייַנע פאָר-שטעהער (י. גרינפעלד און א. קאַפּלאַן) צוגעשטעלט וו. טשעכאָווסקי׳ן דעם מעמאָראַנדום מיט די פאָדערונגען.

„דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט געפינט פאַר נויטיג—ווערט געזאָגט אין דעם מעמאָראַנדום—קאָנקרעט אָנצומערקן די טריט, וואָס דאַרפן גלייך אנגענומען ווערן דורך דער מאַכט, כדי ניט צו דערלאָזן אָדער צו ליקווידירן די פּאָגראָמען: 1) ס׳דאַרפן תיכף אָפּגעשטעלט ווערן די מעלדונגען פון דער צענטראַלער מאַכט, וואָס באַשולדיגן דירעקט אָדער אונדירעקט דאָס אידענטום, אָדער אַ טייל פון איהם, אין אַ פיינדליכער באַציהונג צו דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק און אין „אַנאַרכאָ-באָלשעוויזם״ („די אוקר. סטאַווקא״, דער אויפרוף

פונ'ם „אינפארמאציאָנס-ביורא" א. א. וו.) און וואָס שטיצן און פאַר-שפרייטן די פּאָגראם-אַגיטאַציע אין דער פּראָווינץ. 2) ס'דאַרפן תיכף געגרינדעט און אַרויסגעשיקט ווערן אויספאָרשונגס-קאָמיסיעס מיט ברייטע פולמאַכטן און מיט דעם אומבאַדינגטן אָנטייל פון פאָר-שטעהער פון די געוועהלטע אָרגאַנען פון דער אידישער באַפעלקערונג (דער אידישער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט און די אידישע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג), כדי אויסצופאָרשן, די געשעהענישן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען, און כדי איבערצוגעבן צום געריכט די שולדיגע. אין דער ערשטער רייהע דאַרפן אַזעלכע קאָמיסיעס ארויספאָרן קײַן באַרדיטשעוו-זשיטאָמיר, סאַרני-קאָראסטען-אָווורוטש, באַכמאטש און פּאדאליער גובערניע (ליטינער אויעזד). 3) די מלוכה דאַרף אסיגנירן מיטלען, כדי אומצוקערן דער אידישער באַפעלקערונג דעם שאָדן, וואָס זי האט געליטן פון די פּאָגראָמען. צו דער פאנאנדערטיילונג פון די דאזיגע סומען דארפן צוגע-צויגן ווערן פארשטעהער פון די געוועהלטע צענטראַלע און ארטיגע אָרגאַנען פון דער אידישער באַפעלקערונג (דער נאַצ. סעקרעטאַריאט און די אידישע קהלות). 4) ס'דאַרפן באַזייטיגט און איבערגעגעבן ווערן צום געריכט די אַלע באַאַמטע, וואָס זײַנען שולדיג אין דער אָרגאַניזאַציע פון פּאגראמען אדער וואָס האָבן זיי דערלאזט. וועגן יעדער באשטראפונגס-פאל דארף פארעפענטליכט ווערן אַן אַלגעמיינע מעלדונג. 5) בײַם קריגס-מיניסטעריום דאַרף געשאפן ווערן אַ ספעצי-עלע אָפּטיילונג, וואס זאל האָבן אויסעראָרדענטליכע פולמאַכטן אינ'ם קאַמף מיט די פּאָגראם-עקסצעסן. אין אַלע פאַלן, ווען ס'איז נויטיג, אַז די מאַכט זאָל זיך אַריינמישן, כדי אָפּצושטעלן אדער ניט צו דערלאָזן קיין פּאגראמען, דאַרף דער נאצ. סעקרעטאריאַט האָבן די מעגליכקייַט זיך צו ווענדן (דירעקט) אין דער דאזיגער אָפּטיילונג".

אויסער די דאָזיגע אַלע פאדערונגען, האט דער מעמאראנדום געפונען פאר נויטיג, אז די רעגירונג זאל נאך אננעמען פאָלגענדע קאנקרעטע טריט:

איבערגעבן אין לעטיטשעוו צום געריכט דעם אטאמאן שטשער-בלוק; תיכף אויפפאָדערן דעם „טשערנאָמאָרסקי קאש" אין פרילוק אָפּצושטעלן די אידן-פארפאלגונגען; באַשטראפן דעם אטאמאן פון זגוראוואָקי; איבערלאָזן אין זשיטאמיר די 700 גאַליציאַנישע קאזאקן, וואס זאָלן היטן די ארדנונג; איבערגעבן צום געריכט דעם אוורוט-שער קאמענדאנט קאָזירזירקא און אויך די קאמענדאנטן פון באברינסקאיא און סאַרני; פאדערן פונ'ם אטאמאן לאזעניוק, ער זאל אַראָפּנעמען די קאנטריבוציעס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין טשערנאָבי-לער אויעזד; פאָדערן פונ'ם פעלשטינער אינפארמאציאנס-ביורא אַראָפּצונעמען דעם פאַנאַנדערגעקלעפּטן פּראָוואקאציאנס-אויפרוף צו דער

באַפעלקערונג; איבערגעבן צום געריכט דעם פּאָלקאָווניק פּ א ל י ע נ ק א און אָפּשטעלן די פּאגראם אַגיטאַציע אין ר אַ ד אָ מ י ס ל.

אָננעמענדיג דעם מעמאָראנדום, האָט וו. טשעכאָווסקי געזאגט: „ס'איז אַ וועהטאג און א בזיון פאַר אונז, וואָס איר קאָנט אפילו חושד זיין, אַז די רעגירונג וויל ניט אָפּשטעלן אט די שרעקליכע געשעהענישן, פאַר וועלכע מיר פיהלן אַזאַ צער".

די זעלבע צוויי מעמאָראַנדומס, וואָס זיינען צוגעשטעלט געוואָרן דער דירעקטאָריע און טשעכאָווסקי'ן, האָט דער נ. ס. אויך צוגעשטעלט דעם קריגס-מיניסטער. גלייכצייטיג האָבן די מיטגלידער פון'ם נאַצ. סעקר.—י. גרינפעלד און א. קאַפּלאַן—באַזוכט אויך דעם מלוכה-סעקרעטאַר א. קארטשינסקי און גערעדט מיט אים אַ געשפּרעך וועגן דער פּאָגראם-לאַגע. זיי האָבן געפאָדערט פון אים, אז די מלוכה-קאַנצעלאַריע זאל מודיע זיין דעם נ.-ס. וועגן יעדן טריט, וואס די רעגירונג נעמט אָן אין'ם קאמף מיט די פּאגראמען. א. קארטשינסקי האָט צוגעזאגט צו ערפילן די דאזיגע פאָדערונג. אויף דער פראַגע, צי וועט די רעגירונג ערלויבן די אידן ארגאניזירן זיך אין א ז ע ל ב ס ט ש ו ץ, ווי ס'האט געמאלדן די פרעסע, האָט א. קארטשינסקי געענטפערט, אז וועגן אַזאַ באַלוס ווייסט ער ניט.

די מעמאָראַנדומס פון'ם נאַצ.-סעקרעטאַריט זיינען דעם 18-טן און דעם 20-טן יאַנוואַר באַטראַכט געוואָרן אויף די זיצונגען פון'ם מיניסטארן-ראַט, און דעם 23-טן יאַנוואַר האָט דער נאַצ.-סעקרעטאַריאַט באַקומען פון דער מלוכה-קאַנצעלאריע פאָלגענדע אָפיציעלע מעלדונג:

I. „אויסצוג פונ'ם פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג פונ'ם מיניסטאָרן-ראַט 18-טן יאַנוואַר.

באַהאַנדעלט געוואָרן: דער פארטראַג פונ'ם פּאָרזיצער פונ'ם מיני-סטאָרן-ראַט וועגן דעם מעמאָראַנדום פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט אין אוקראַינע וועגן די גוואַלדטאטן איבער דער אידישער באַפעלקערונג:

באַשלאָסן געוואָרן: צו גרינדן פאַר די דאָזיגע ענינים אַ קאָמיסיע, אין וועלכער ס'זאָלן אַריינגעהן פאָרשטעהער פונ'ם אינערן, קריגס-און אידישן מינסטעריום, (פונ'ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט און פון אַנדערע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס. צו באַפולמאַכטן דעם קריגס-און אינערן-מיניסטער אָנצונעמען די נויטיגע טריט געגן די פּאָגראָמען".

II. „אויסצוג פונ'ם פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג פונ'ם מיניסטאָרן-ראַט 20-טן יאַנוואַר).

באַהאַנדעלט געוואָרן דער פאָלגענדער פּראָעקט פונ'ם קריגס-מיניסטער: 1) לויט דעם באַשלוס פונ'ם מיניסטאָרן-ראַט פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק ווערט געשאַפן ביים קריגס-מיניסטעריום אַ שטענדיגע קאָמיסיע צו היטן די אָרדנונג אין אוקראינע. אין דער קאָמיסיע געהען אַריין צו איין פארשטעהער: פון דעם

קריגס, אינערן, יוסטיץ-און אידישן מיניסטעריום, פון דעם באַלאַגערונגס-קאָרפּוס, פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, פון דער „סעליאנסקא ספּילקא" און פונ'ם אידישן נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט".

עטליכע טעג זיינען פאריבער, און דער באַשלוס פון דער רעגירונג צו גרינדן אויספארשונגס-קאָמיסיעס איז נאָך אַלץ ניט ערפילט געוואָרן. דאַן האָט דער נ.-ס. זיך געווענדעט צום קריגס-מיניסטעריום מיט אַ נייעם מעמאָ-ראַנדום, אין וועלכן ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז אין הסכם מיט'ן באַשלוס פונ'ם מיניסטאָרן-ראַט, לויט ווי די מלוכה-קאַנצעלאריע האָט מודיע געווען דעם נ.-ס., איז נויטיג, אַז אַזאַ קאָמיסיע זאָל תּיכף געשאַפן ווערן. „די כוואַליע פון פּאָגראָמען, וואָס ווערט אַלץ גרעסער, פאָדערט, אַז די מאַכט זאָל זיך גלייך און ענערגיש אַריינמישן. די ווענדונג אין יעדער באַזונדער פאַל צום מיניסטאָרן-ראַט אָדער אַפילו צו איינצעלנע מיניסטאָרן שטערט אָנצונעמען די נויטיגע מיטלען; אַ קאָמיסיע, אָבער, וואָלט געווען אימשטאַנד און געהאַט דעם אַווטאָריטעט אָנצוואווענדן אין יעדן קאָנקרעטן פאַל די נויטיגע מיטלען, כּדי אָפּצושטעלן אָדער ניט צו דערלאָזן קיין פּאָגראָמען". „דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט,— ווערט געזאָגט ווייטער אין מעמאָראַנדום,—ווענדעט זיך דעריבער צו אייך, ה' קריגס-מיניסטער, מיט אַ בקשה ניט אָפּלעגן די זאַך און תּיכף איינלאַדן די פּאָר-שטעהער פון יענע מיניסטעריומס, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואָס געהען אַריין אין באַשטאַנד פון דער קאָמיסיע, און צו באַשטימען די ערשטע זיצונג. דער אידישער נאַצ. סעקרעטאַריאַט בעט מודיע זיין אים וועגן די טריט, וואָס וועלן אָנגענומען ווערן אין דער דאָזיגער ריכטונג".

דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט האָט געפונען פאַר נויטיג צו ווענדען זיך ניט נור צו דער צענטראַלער רעגירונג, נאָר אויך צו דער אָרטיגער גובערני-אַלער מאַכט. דעם 23 יאַנוואַר האָט אַ דעפּוטאַציע, אינ'ם באַשטאַנד פון י. אַלעש-קאָווסקי, דעם מיטגליד פונ'ם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט, מיט אַ פאָרשטעהער פון איוואַנקאוו, דימער און אַנדערע ערטער, באַזוכט דעם קיעווער גובער-ניאַלן קאָמענדאַנט און צוגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום פונ'ם נ. ס. וועגן די מעשים פונ'ם באַוואוסטן קאָמענדאַנט לאַזעניוק, וואָס האָט טעראָריזירט מיט זיינע פּאָגראָם-אָנפאַלן און קאָנטריבוציעס גאַנץ טשערנאבילער אויעזד, און פון די ברידער סאָקאָלאָווסקי, וואָס ווילדעווען אינ'ם ראַיאָן פון טשערניכאָוו, כאָדאָרקאוו און קאראסטישעוו. דער גובערניאַלער קאָמענדאַנט האָט מבטיח געווען אָנצונעמען מיטלען. ער האָט אָבער דערביי באַמערקט, אַז מען דאַרף האַנדלען „פּאָרזיכטיג" און „דיפּלאָמאַטיש"—ער וועט לאַזעניוק'ן איינלאַדן צו זיך און, ווען נויטיג, אפשר ארעסטירן...

מיט דעם דאָזיגן באַזוך צום קיעווער קאָמענדאַנט האָט מען גאָר ניט גע'פועל'ט, און דער נ.-ס. האָט באַשלאָסן וועגן דער לאַגע אין האָרנאסטאַיפּאָל, איוואַנקאָוו, דימער, טשערנאָביל, טשערניכאָוו א. א. וו. מודיע זיין דעם קריגס-מיניסטער. דעם זעלבן טאָג (23 יאַנוואַר) איז וועגן דער לאַגע אין די

דאָזיגע ערטער צוגעשטעלט געוואָרן דעם מיניסטר אַ נײַער מעמאָראַנדום פונ׳ם נ. ס., אין וועלכן עס איז געווען אָנגעוויזן אויף דער געפערליכער פּאָגראָם-אַגי-טאַציע, וואָס די אָרטיגע מיליטערישע מאַכט פירט דורך אירע אויפרופן אין מעדזשיבאָזש, בעלאצערקאָוו, און אויף די פּאָגראָמען אין טשודנאָוו, אַלעק-סאַנדראָווקאַ, פונדוקליעווקאַ א. א. וו., וועלכע האָבן אויסגעבראָכן אין רעזול-טאַט פון אַזאַ אַגיטאַציע.

דעם 27-טן יאַנוואַר ווערט דעם קריגס-מיניסטר דערלאַנגט אַ נייער מעמאָראַנדום וועגן דעם פּאָגראָם אין אָבוכאָוו, און דעם 31-טן יאַנוואַר שטעלט דער נ. ס. ווידער צונויף אַ מעמאָראַנדום צום פּאָרזיצער פונ׳ם מיניס-טאָרן-ראַט און צום קריגס-מיניסטר וועגן די אכזריות׳דיגע מעשים פונ׳ם „אטאמאן“ קאָזירזירקאָ אין אָוורוטש, וועגן די געשעהעענישן אין בראָוואַרי, אין קאָראָסטען, טשערנאָביל, פּאַסטאָוו און ווינ־יצע. די דאָזיגע מעמאָראַנדומס זיינען שוין אָבער די פאָרשטעהער פון דער רעגירונג ניט דערלאַנגט געוואָרן. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די צענטראַלע מאַכט האָט געהאַלטן אין איין פארזיכערן, אַז איר לאַגע איז אַ פעסטע, און אַז קיעוו דראהט ניט קיין סכנה מצד דעם ראטן-מיליטער, האָבן שוין די דעלעגאַטן פונ׳ם נ. ס. אין דעם טאָג ניט געפונען אין די מיניסטעריומס ניט דער קריגס-מיניסטר און ניט דעם פּאָרזיצער פונ׳ם מיניסטאָרן-ראַט. אין די מיניסטעריומס א״ז שוין געווען פולקאם פוסט. פּרינציפּיעל איז אָבער געווען געוואונשן, אַז די נײַע רשימה פון די פּאָגראָמען און די פּאָדערונגען צו דער מאַכט, וואָס עוואַ-קואירט זיך פון קיעוו, זאָלן איר דוקא דערלאַנגט ווערן, און ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אַז די מיניסטארן מיט זייערע קאַנצעליאריעס געפינען זיך אויפ׳ן וואָקזאַל, זיינען די שליחים פונ׳ם נ. ס. אַוועקגעפאָרן אַהין. אָבער אויך דאָ האָט מען שוין קיינעם פון דער צענטראַלער מאַכט ניט געטראָפן. און אין זעקס טעג אַרום איז אין שטאָט אַרײַן די ראַטן-אַרמיי.

### V.

אָט דאָס זיינען אין אַלגעמיין די פּאָליטישע און פּראַקטישע טריט, וואָס דער נאצ. סעקרעטאַריאַט האָט פון זיין זייט אָנגענומען אינ׳ם קאַמף מיט די פּאָגראָמען. פאַרמעל פלעגן די פאָרשטעהער פון דער רעגירונג אנטקעגנגעהן די פּאָדערונגען פונ׳ם נ. ס.—זיי פלעגן אָננעמען די מעמאָראַנדומס, מבטיח זיין צו ליקווידירן די עקסצעסן און ד. גל. פאַקטיש אָבער האָבן זיי זייערע הבטחות ניט ערפילט, אָדער ערפילט אויף אַן אומבאַפרידיגטן אופן. די פּאָגראָמשטשי-קעס זיינען ניט ארעסטירט געוואָרן און ניט איבערגעגעבן געוואָרן צום געריכט; די שעדליכע אַגיטאַציע פון מיליטער-אָרגאַנען און מיליטער-פירער איז ניט אָפּגע-שטעלט געוואָרן און האָטפּאַרקערט, וואָס ווייטער אָנגענומען אַ מער געפערליכן כאַ-ראַקטער. און אויב פּ אַ ל י ע נ ק אָ, דער אָרגאַניזאַטאָר פונ׳ם זשיטאָמירער פּאָגראָם,

איז יאָ פאַרהאַלטן געוואָרן, איז דאָס געשעהן ניט צוליב זיין פּאָגראָם-טעטיג-קייט, נאָר איבער גאָר אַנדערע טעמים (זעה אין די דאָקומענטן וועגן די פּאָגראָ-מען — ווייטער).

קלאָרער פון אַלץ האָט זיך די דאָזיגע באַציהונג מצד דער אוקראַאינישער צענטראַלער רעגירונג אַרויסגעוויזן אין דער פראַגע וועגן דער אויספאָר-שונגס-קאָמיסיע, וועלכע די רעגירונג אַליין האָט מסכים געווען צו גרינדן. די אויספאָרשונגס-קאָמיסיע וועגן די פּאָגראָמען איז פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ ביוראָקראַטישן אַנשטאַלט, וואָס האָט גאָר ניט באַוויזן אויפצוטון. לויט די באַשלוסן פון דער דירעקטאָריע פונ׳ם 13-טן יאַנוואַר איז באַשטימט געוואָרן אַן אויספאָרשונגס-קאָמיסיע פאַר באַרדיטשעוו, דעם 14-טן איז דער קאָמיסיע איבערגעגעבן געוואָרן אויך אויסצופאָרשן זשיטאָמיר. דער פּאָלקאָווניק פונ׳ם גענעראַל-שטאַב, וואָס האָט געדאַרפט אָרגאַניזיר׳ן די דאָזיגע קאָמיסיע האָט אין משך פון עטליכע טעג גאָר ניט געגעבן צו הערן וועגן זיך, און ערשט דעם 18-טן, נאָך דעם ווי מען האָט אים פונ׳ם נ. ס. דערמאָנט, איז ער געקו-מען אין קאַנצעליאַריע פונ׳ם נ. ס, און זיך נאָכגעפרעגט, צי דער נ. ס. האָט ניט וועלכע ס׳איז אינסטרוקציעס בנוגע צו דער קאָמיסיע. די קאָמיסיע איז ענדליך באַשטימט געוואָרן אין פּאָלגענדן באַשטאַנד: 1 פאָרשטעהער פונ׳ם קריגס-מיניסטעריום, 3—פון די אוקר. פּאַרטייען (ס.-ד., ס.-ר. און מאָצ.-סאָמאָסטי-ניקעס), 1—פונ׳ם נאַצ. סעקרעטאַריאַט, 1—פונ׳ם אידישן מיניסטעריום און 1—פון די איד. סאָצ. פּאַרטייען. די ערשטע זיצונג פון דער קאָמיסיע איז געווען באַשטימט אויפ׳ן 19-טן יאַנוואַר. אויף דער זיצונג איז אָבער קיינער, אַ חוץ די פאָרשטעהער פונ׳ם איד. מיניסטעריום און פונ׳ם נאַצ. סעקרעטאַריאַט, ניט געקומען. מען האָט זיך דערוואוסט, אַז דער גאַנצער ענין מיט דער קאָ-מיסיע איז גאָר איבערגעגעבן געוואָרן צום פּאָרזיצער פונ׳ם העכסטן קריגס-געריכט. אין דער אייגענער צייט האָט דאָס אידישע מיניסטעריום געפּרובט נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו און האָט פונאַנדערגעשיקט אַלע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע איינלאַדונגען אויף אַ נייער זיצונג. אויף דער זיצונג זיינען געקומען פאָרשטעהער: פון איד. מיניסטעריום, פון נאַצ. סעקרעטאַריאַט, פון יוסטיץ-און אינערן-מיניסטעריום, פון גענעראַל-שטאַב, דער פּאָרזיצער פונ׳ם העכסטן קריגס-געריכט און איינער פון די אוקראַאינישע ס.-ד.—די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן אין דער קאָמיסיע קיינעם ניט דעלעגירט.

דער נאַצ. סעקרעטאַריאַט האָט דורך זיין פאָרשטעהער י. גרינפעלד צו-געשטעלט דער קאָמיסיע אַ גענויען פּלאַן פון דער אַרבעט, וועלכן זי האָט אויף עטליכע אירע זיצונגען באַהאַנדעלט. לסוף האָט זי איבערגעגעבן דעם נאַצ. סעקרעטאַריאַט און איד. מיניסטעריום אויסצואַרבעטן אַ „נאַקאַז" פאַר דער קאָמיסיע און אַ ביודזשעט. די דירעקטאָריע האָט פעסטגעשטעלט דעם באַ-שטאַנד פון דער קאָמיסיע און באַשטעטיגט דעם ביודזשעט. וואָס איז נוגע דעם „נאַקאַז", האָט זי אים געפונען פאַר איבעריג, ווייל די קאָמיסיע דאַרף אין איר

טעטיגקייט אַרויסגעהן פונ'ם אַלגעמיינעם „פּאָלעוואָי אוסטאַוו" (23-טן בוך) גלייכצייטיג מיט דער אָרגאַניזאַציע פון דער דאָזיגער קאמיסיע איז מען געוואר געוואָרן, אַז פּאָלקאָווניק אָסקילקאָ, דער פּאַרוואַלטער פון דער דרום-מערב-דיגער אַרמיי, האָט אין זשיטאָמיר געגרינדעט אַן אייגענע אויספאָרשונגס-קאָמיסיע. ס'איז אויך אַזאַ אופן געשאַפן געוואָרן אַ פּלאָנטער און קיין שום פּאָזי-טיוועס האָט ניט געקאָנט אויפגעטאָן ווערן. אויסער דעם איז געווען באַשטימט נאָך אַ באַזונדערע סענאַטאָרן-קאָמיסיע פאַר דעם צוועק. די לעצטע האָט אָבער ניט באַוויזן אָפּצוהאַלטן אַפילו איין זיצונג. די מניעה אין געלט און אין קריגן אַ וואַגאָן אויף אָפּצופאָרן קיין באַרדיטשעוו און זשיטאָמיר, ווי אויך אַנדערע טעכנישע שטערונגען, האָבן פאַרהאַלטן די ערשטע הויפּט-קאָמיסיע, און אין משך צווישן דעם 13-טן יאַנוואַר ביז'ן 6-טן פעווראַל, ווען זי האָט פאָרמעל עקזיס-טירט, האָט זי אויך אַזאַ אופן גאָר ניט אויפגעטאָן.

די דירעקטאָריע איז אַוועק פון קיעוו, און פון די ערטער, וואו דער אוקראַינישער חיל פלעגט פירן די שלאַכטן מיט דער ראַטן-אַרמיי, באַזונדערס דאָרט, וואו ער פלעגט פאַרלאָזן און צוריק פאַרכאַפּן די שטעט און שטעטלאַך, האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען ידיעות וועגן בלוטיגע פּאָגראָמען נאָך שרעקליכערע. ווי פריהער. דער גאַנצער אידישער ישוב אין אוקראַינע האָט געלעבט אין פייער פון פאַרניכטונג און טויט-שרעק.

די דאָזיגע נייע תקופה האָט זיך שוין אויסגעצייכענט ניט נור מיט פּאָג-ראָמען, וואָס ס'האָט געמאַכט בלויז דאָס מיליטער פון דער דירעקטאָריע, די אויפגעשטאַנענע פויערשע גרופּן און די רויבערישע פּאַרטיזאַנישע באַנדעס. דער אַנטיסעמיטישער האַס האָט אַרומגעכאַפּט אויך טיילן פונ'ם אוקראַינישן ראַטן-חיל, און אין אַ געוויסער צאָל ערטער איז אויך דער היל, וואָס האָט מיט פעטליורען געקעמפט, באַפאַלן די אידישע באַפעלקערונג (ווי, למשל, אין ראָסאַווא, האָמעל, באַרדיטשעוו, סטאַנציע קאַזאַטין און אַנד.), הגם די לעצטע עקסצעסן געגן אידן האָבן ניט געטראָגן אַזאַ מאַסן-כאַראַקטער, ווי ביי פעטליורעס חיל.

אין דעם דאָזיגן פעריאָד האָט שוין דער נ. ס. ניט געקאָנט אנווענדן די פריהערדיגע פּאָליטישע ווירקונגס-מעטאָדן בנוגע צו דער רעגירונג, ווי ער האָט דאָס געטאָן בעת די פאַרהאַנדלונגען מיט דער דירעקטאָריע. דאָס איינציגע, וואָס מען האָט איצט, ביי אַזאַ פּאָליטישער לאַגע, געקאָנט טון, איז—זאַמלען די פאַקטן פונ'ם גרויסן אידישן ליידן, זיי זאָלן ניט געהן לאבוד און ניט אָפּגעמעקט ווערן פונ'ם זכרון פון דער געשיכטע.

דעם 23-טן מאַרט האָט זיך דער נ. ס. געווענדעט צו אַלע קהלות אין אוקראַינע מיט אַ צירקוליאר (№ 5) וועגן רעגיסטרירן אַלע וויכטיגע געשע-הענישן אינ'ם אידישן לעבן אין דער איצטיגער קאטאסטראפישער צייט:

„נעמענדיג אויף זיך די זאמלונג פון דעם מאַטעריאַל—ווערט געזאָגט אין צירקוליאר — ווענדעט זיך דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַריאַט צו אַלע קהלות אין אוקראַינע מיט דעם פאָרשלאַג צושטעלען אים אין דער נאָהענ-סטער צייט אַלע נויטיגע פאַקטן: באַשרייבונגען וועגן פאָרגעקומענע פאָגראָמען (אין שטאָט גופא אָדער אין דער נאָהענטער סביבה), וועגן עקסצעסן, אונאָרדנונגען, געוואלדטאַטן, רויבערייַען, פאַרפאָלגונגען און קאָנטריבוציעס, געווענדעטע געגן אידן; פאַרשידענע דאָקומענטן וועגן די דאָזיגע געשעהענישן, גביות עדות, פראָטאָקאָל-באַריכטן, טאָגביכער פון די צושויער אָדער געליטענע, אויסשניטן פון דער אָרטיגער פרעסע און, אויב מעגליך, בילדער פון די געפאַלענע קרבנות און א. וו.—מיט איין וואָרט אלעס, וואָס האָט נאָר אַ שייכות צו די פאָגראָמען, און אויך, ווי געזאָגט מאַטעריאַלן וועגן דעם אלגעמיין-אידישן לעבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אונרוהיגער צייַט".

---

ווען דער ארטיקל ווערט געשריבן געהט- מיטן מאי—נאָך אַלץ אָן די זאַמלונג פון דעם מאַטעריאַל וועגן די פאָגראָמען ביים נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט.

# דאָקומענטן און מאַטעריאַלן וועגן די פּאָגראָמען

(פונ'ם ארכיוו פון נאצ. סעקרעטאריאט).

.I

דעם 16-טן יאַנוואַר 1919 איז אין מ ע ד ז ש י ב א ז ש (מעזשיביזש), פּאָדאָלער גוב., פּאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרן פאָלגענדער אויפרוף אין אוקראַיִניש, וועלכן מיר ברענגען אין אויסצוגן:

## ДО НАСЕЛЕННЯ ЛЯТИЧЕВСЬКОГО ПОВІТУ.

По наказу влади Української Народньої Республіки я з своїм Курівьом прибув в Лятічевський повіт для допомоги міӣсцевій влади **в її боротьбі з большевіцко-жидівськими бандами,** котрі руйнують порядок і спокій в повіті.

Більшість учасників сих банд наші темні селяне обдурені брехнямі ворогів України, котрим заплочені за це великі кошти. Переказують люди, що жидок Мушлін, родом із Межібожа, котрий організував большевицькі банди одержав від російськіх „товаріщей-большевіків“ 7 міліонів карбованців. За такі великі гроші Мушлін з своіми одно-думцями: Федорішиним Яковом, Петром Гарячим, Ульяном Лодишкою з Голоскова; Мироном Марковим з Лісогорки; Дзюбою з Русановець і иньшими землячками, котрі продають себе і свій нарід в чужу неволю...

...СЕЛЯНЕ! Не вірте Мушлінам, Лайнерам, Сандлерам, Тьомкіним, Федорішинним, Дзюбам і Спіцаренкам! Помнить кожний, що порядок, міцне військо наша слава, наше життя, а нелад і анархія то наша смерть.

До праці ж на користь і щастя Украіни!

Отаман Гайсинського Окремого Куріня

імені Петлюри—ВОЛИНЕЦ.

Курінний осаул—В. СТОРОЖЕНКО.

16-го січня 1919 року, м. Межибіж на Поділлю.

די איבערזעצונג אין אידיש:

## צו דער באַפעלקערונג פון לעטיטשעווער אויעזד.

(אויסצוג).

„לויט דעם באַפעל פון דער מאכט פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפובליק בין איך אָנגעקומען מיט מײַן „קורען" אין לעטיטשעווער אויעזד, כדי מיטצוהעלפן דער אָרטיגער מאַכט אין איר קאַמף מיט די באָלשעוויסטיש-זשידאָווסקע באַנדעס, וואָס רואינירן די אָרדנונג און רוהיגקײַט אין אויעזד.

„אונזערע ניט-באַוואוסטזיניגע דאָרפס-לײַט, וואָס בילדן דעם גרעסטן טייל פון די דאָזיגע באַנדעס, ווערן אָפּגענאַרט דורך די שונאים פון אוקראַינע, וועלכע האָבן דערפאַר באַקומען א סך געלד. מענשן דערצעהלן, אַז דער זשידאָק מושלין, א געבוירענער א מעדזשיבאָזשער, וואָס האָט אָרגאַניזירט די באָלשעוויסטישע באַנדעס, האָט באַקומען פון די רוסישע „חברים-באָלשעוויקעס" 7 מיליאָן קאַרבאָוואַנצעס. פאַר אַזוי פיל געלד האָט מושלין מיט זײַנע חברים: יאַקאָוו פּיאָדאָרישין, פּיאָטר האָריאַטשי, אוליאַן לאָדישקא פון האָלאָסקאָוו, מיראָן מאַרקאָוו פון ליסאַגאַרע, דזיובא פון רוסיאַנאָוועץ און אַנדערע לאַנדס-לײַט אָנגעהויבן צו אַרבעטן, כדי זיך און דאָס פאָלק צו פאַרקויפן אין קנעכט-שאַפט צו פרעמדע...

...פוערים! גלויבט ניט די פאַרשידענע מושלינס, ליינערס, סאַנדלערס, סיאָמקינ'ס, פּיאָדאָרישינ'ס, דזיובאַ'ס און ספּיצאַרענקעס. צו דער אַרבעט צום גליק און לטובת אוקראַינע!"

געחתמ'עט: „דער אַטאַמאַן פון הײַסינער פּעטלוראַ'ס ספּעציעלן קורען — וואָלינעץ.

„דער קורען-עסאַאול — וו. סטאָראָזשענקאָ.

„דעם 16-טן יאַנוואַר 1919, מעדזשיבאָזש, פּאָדאָליע".

פון דעם 12-טען יאַנוואַר אָן האָט זיך אין לעטיטשעוו אנגעהויבן א פּאָגראָם, וואָס האָט געדויערט 7 טעג.

---

II.

דעם 20-טן יאַנוואַר 1919 איז אין בעלאַצערקאָוו פונאַנדערגע-קלעפּט געוואָרן פאָלגענדער באַפעל אין אוקראַיניש:

## НАКАЗ.

На певних підставах до мене дійшли чутки, що еврейське населення м. Білої-Церкви та околіц проводе агітацію проти влади Діректорії. Попреждаю, що в случаю якого нибудь

виступу в цім від'явиться діяльність еврейська, **вся відповідність в том паде на еврейське населення,** як уже було в Житомирі та інших м. України.

В. О. Коменд. Залогі Полковник Рященко.
Эсаул Мануський.

20 Січня 1919 р., БІЛА-ЦЕРКОВЬ.

די איבערזעצונג אין אידיש.

## באפעל.

„פון זיכערע קוועלן זײַנען צו מיר אָנגעקומען קלאנגען, אז די אידישע באַפעלקערונג פון בעלאצערקאָוו און דער סביבה אגיטירט געגן דער מאכט פון דער דירעקטאָריע. איך בין מתרה, אז אויב ס'וועט פאָרקומען עפּעס אן ארויסטרעטונג, וואָס וועט זײַן א אידיש שטיקל ארבעט, וועט די גאנצע פאראנטווארטליכקײַט פאלן אויף דער אידישער באפעלקערונג, אזוי ווי דאָס איז שוין געווען אין זשיטאָמיר און אין אנדערע ערטער פון אוקראינע.

דער צײַטווײַליגער ממלא-מקום פונ'ם קאָמענדאנט:
פּאָלקאָווניק ריאשטשענקאָ,
20 יאנוואר, 1919. עסאאול מאנוסקי.

## III.

## אַ באַפעל צו די אידן אין פעלשטין.

טעלעגראמע. קיעוו, דעם נאציאָנאלן סעקרעטאריאט, 17 יאנוואר 1919.

„דעם 11-טן יאנוואר זײַנען אין פעלשטין פונאנדערגעקלעפּט פּאָלגעגדע מודעות: „די ערשטע מעלדונג צו דער אידישער באפעלקערונג. איך האָב באַקומען ידיעות, אז די אידישע באפעלקערונג פארטומעלט די פּויערים די מוחות, ראטענדיג זיי ניט צו טראָגן קײַן געלד אין די מלוכה-קאסעס. איך בין מתרה די אידישע באפעלקערונג, אז דאָס אינפאָרמאציאָנס-ביוראָ (אוקראינישע) גיט גוט אכטונג. פאר דער שולד וועלן אלע באשטראָפט ווערן, און פון די פּויערים גופא, און קײַן שוץ וועט איר פון קיינעם ניט געפינען. דער פּארוואלטער פונ'ם אינפאָרמאציאָנס-ביורא (חתימה)".

„די דאָזיגע ידיעה איז ערשטענס אן אויסגעשפּראָכענער שקר. צווייטענס, זײַנען די טערמינען אויף ארײַנצוטראָגן געלד פאר אידן און פּויערים פארשידענע. די שטימונג איז א געדריקטע. מיר בעטן אָנצונעמען מיטלען.

די פּעלשטינער אידישע קהלה".

IV.

אין קרעמענטשוג איז סוף דעקאַבר 1918—פאַנאַנדערגעקלעפּט געוואָרן דער פאָלגענדער אויפרוף, וועלכער איז צוגעשטעלט דורך דער קרעמענטשוגער קהלה דעם נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט; דער זעלבער אויפרוף איז פארשפּרייט געוואָרן אויך אין קרעמענטשוגער געגענד (מיר געבן דעם אויפרוף אין אויסצוגן):

## КЪ НАРОДАМЪ УКРАИНЫ.

... „Народы Великорусскій, Польскій и Украинскій связаны тяжелыми историческими воспоминаніями. Ихъ нужно скорѣе забыть въ интересахъ добрососѣдскихъ отношеній. Историческая Россія, какъ историческая Польша, умерли навсегда, и Украинскій народъ не можетъ и не хочетъ вызвать ужасные призраки прошлаго во имя братства, равенства и свободы всѣхъ народовъ. Въ свободную семью народовъ міра Украинскій народъ войдетъ свободнымъ и независимымъ — такова его воля. **Что касается народа еврейскаго**, то Украинскій народъ настойчиво приглашаетъ его къ дружному сотрудничеству.

Что касается еврейской буржуазіи, то враждебная позиція, къ сожалѣнію, занятая ею по отношенію къ Украинскому государству, не можетъ принести никому добра. Украинскій народъ нынѣ имѣетъ друзей, но онъ также и не боится враговъ. **Каждому будетъ воздано по его дѣламъ.**

Желательно, чтобы еврейскій народъ скорѣе опредѣленно заявилъ, что онъ идетъ вмѣстѣ съ народомъ Украинскимъ, какъ это сдѣлали евреи по территоріи Галицкой Украины...

... **Есть много элементовъ, которые, пользуясь гостепріимствомъ Украинского народа, пріютомъ и защитою Украинскаго государства, питаютъ противъ него черныя мысли и замышляютъ его гибель. Первыми погибнутъ эти элементы**, если только они не прекратятъ свою вѣроломную дѣятельность. Эти элементы должны добровольно покинуть предѣлы Украины и чѣмъ скорѣе, тѣмъ лучше.

Борьба съ предательствомъ Украинской Республики будетъ безпощадна...

**Инф. бюро Укр. Нар. Республики.**

די איבערזעצונג אין אידיש:

## „צו די פעלקער פון אוקראַינע".

(אויסצוג).

...„די גרויסרוסישע, פוילישע און אוקראַינישע פעלקער זיַינען צווישן זיך צונויפגעבונדן דורך געמיינזאַמע היסטאָרישע זכרונות. מען דאַרף זיי וואָס גיכער פאַרגעסן, כּדי עס זאָלן מעגליך זיַין גוט-שכנישע באַציהונגען. דאָס היסטאָרישע רוסלאַנד, גלייַך ווי דאָס היסטאָרישע פוילן זיַינען געשטאָרבן אויף אייביג, און דאָס אוקראַינישע פאָלק קאָן ניט און וויל ניט ארויסרופן די שרעקליכע געשפענסטן פון דער פאַרגאַנגענהייט צוליב ברידערליכקייַט, גלייַכהייַט און פרייַהייַט פון אַלע פעלקער.

אין דער פרייַער משפּחה פון די פעלקער וויל דאָס אוקראַינישע פאָלק אַרייַנגעהן פריי און אונאָפּהענגיג—אזוי איז זיַין ווילן. וואָס אַנבעלאנגט דעם אידישן פאָלק, ווערט ער פון דעם אוקראַינישן פאָלק ענערגיש איינגעלאַדן צו פריינדליכער מיטארבעט. דאָס אוקראַינישע פאָלק דריקט אויס די זיכערקייַט, אז די ארבעטענדע קלאַסן פונ׳ם אידענטום וועלן זיך אָפּרופן אויף דער ווענדונג. וואָס אנבעלאנגט דער אידישער בורזשואַזיע, וועט די פייַנדליכע פּאָזיציע, וואָס זי האָט צום באַדויערען פאַרנומען בנוגע צו דער אוקראַינישער מלוכה, קיינעם קייַן גוטס ניט ברענגען. דאָס אוקראַינישע פאָלק האָט איצט פריינד, ער האָט אבער אויך קייַן מורא ניט פאַר קיינע פייַנד. יעדער וועט באַקומען לויט זיַינע מעשׂים.

ס׳איז ווינשענסווערט, אַז דאָס אידישע פאָלק זאָל וואָס גיכער באַשטימט דערקלערן, אַז עס געהט צוזאַמען מיט׳ן אוקראַינישן פאָלק, ווי דאָס האָבן געטאן די אידן אויף דער טעריטאָריע פון דער גאַליציאַנער אוקראַינע...

...עס זיַינען פאַראַן פיל עלעמענטן, וואָס נוצן אויס די גוט-פריינדשאַפט פונ׳ם אוקראַינישן פאָלק, און געניסענדיג פונ׳ם שוץ פון דער אוקראַינישער מלוכה, טראָגן זיי אין זיך דונקעלע מחשבות געגן איר און ווילן זי הרוב מאַכן.

די ערשטע וועלן אומקומען די דאָזיגע עלעמענטן, אויב זיי וועלן ניט אָפּשטעלן זייער פאררעטערישע טעטיגקייַט. די דאָזיגע עלעמענטן דאַרפן אַליין פאַרלאָזן די גרענעצן פון אוקראַינע, און וואָס גיכער דאָס וועט געשעהן, וועט זיַין בעסער פאַר זיי. דער קאַמף מיט דעם פאַרראַט פון דער אוקראַינישער רעפּובליק וועט זיַין אַ אונ׳ברחמנות׳דיגער.

דאָס אינפאָרמאַציאָנס-ביוראָ פון דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפּובליק".

V.

## די געשעהענישן אין באַכמאַטש.

טעלעגראַמע פון ראָמען 6/I—1919.

„עקסטראַ. קיעוו. דעם פּאָרזיצער פון דער אוקר. דירעקטאָריע וויניטשענקא—קאָפּיע דעם אידישן נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט.

„דעם 2 יאַנוואַר איז אויף דער סט. באַכמאַטש-צענטראַלנאַיא פּאָרגעקומען אַ פאַקט, מיט וועלכן ס'איז ניט צו פאַרגלייַכן אפילו די אכזריות פון די מיטעלאַלטערליכע געשעהענישן און וועלכער האָט אויפגעפרישט אין זכרון די פון לאַנג שוין, דוכט זיך, פאַרגעסענע אינקוויזיציע-צייַטן. די מיליטער-עשאַלאָנען, וואָס האָבן זיך דורכפאָרנדיג געפונען אויף דער סטאַנציע, האָבן צוזאַמען מיטן אָרטיגן גאַרניזאָן אַראָפּגענומען פון אַלע דורכגעהענדע צוגן אַלע אידישע פּאַסאַזשירן און זיי אויפ'ן שרעקליכסטן אופן געפּייניגט. תחילת, האָט מען זיי געוואָלט דערשיסן, דערנאָך האָט מען באַשלאָסן צו דערשיסן יעדן פינפטן אידן און מען האָט שוין אָנגעהויבן אויסצוקלייַבן די אָנגעמערקטע קרבנות. ענדליך, האָט מען זיך באַגרענעצט מיט אַ באַשלוס צו שמייַסן אַלעמען. אַלע אידן זייַנען באַרויבט געוואָרן. מען האָט בייַ זיי צוגענומען די זאַכן מיט דאָס געלט, מען האָט זיי געשלאָגן מיט די שאָמפּאָלן איבער'ן הוילן לייַב. מיט דער עקזעקוציע האָט אָנגעפירט דער אַטאַמאַן פונ'ם פּאָלק. אייניגע זייַנען נאָכ'ן שמייַסן ארויס קוים לעבעדיגע, אַנדערע זייַנען פאַרפאַלן געוואָרן און זייער גורל איז אומבאַוואוסט. מיר מעלדן אייך וועגן אַזעלכע מורא'דיגע גוואַלדטאַטן איבער דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע טאָרן ניט געדולדעט ווערן אין אַ פרייַער רעפּובליק, און פאָדערן א גענויע אויספאָרשונג פון די דאָזיגע געשעהענישן און אַ באַשטראָפונג פון די שולדיגע.

דער אידישער קהלה-ראַט אין ראָמען".

---

VI.

## דער פּאָגראָם אין זשיטאָמיר.

(דער ערשטער)

(אויסצוגן פונ'ם באַריכט, וואָס ה' עליאַסבערג, דער מיטגליד פון דער זשיטאָמירער דעלעגאַציע, האָט געמאַכט אויף דער פאַראייניגטער זיצונג פון פאָרשטעהער פון אידישע פאַרטייען און געזעלשאַפטן אין קיעוו דעם 15-טן יאַנוואַר 1919 און

אויף דער פינפטער זיצונג פון דער קליינער נאַצ. פאַרזאַמלונג).

‥: „דעם 7-טן יאַנוואַר ביינאַכט איז אין זשיטאָמיר אָנגעקומען די רעפּובליקאַנישע מיליטער-אָפּטיילונג—דער „קורען סמערטי", מיט פּאַליענקאָ בראש. די ערשטע טעלעפּאָנאָגראַמע זיינע איז געווענדעט צו דער שטאָט - אופראַווע. ווען ס'זיינען צו אים אויפ'ן וואָקזאַל געקומען דער הילפּס־גאָלאָוואַ מיט די אופראַ-וואַ-מיטגלידער, האָט ער זיך מיט זיי צעקושט (דער הילפּס-גאָלאָוואַ איז אַ קאַדעט) און האָט זיי מיטגעטיילט די צילן, צוליב וועלכע ער איז געקומען: „פון די באָלשעוויקעס מוז מען מאַכן-אַ תל". דער הילפּס-גאָלאָוואַ האָט אים געבעטן צו היטן די אָרדנונג אין שטאָט. פּאַליענקא האָט דערויף געענטפערט, אַז אים וואונדערט, וואָס ער בעט נאָך פאַר די „זשידעס" און אַז זיין עצה איז אַרויסצוטרייַבן תיכף אַלע אידן פון דער שטאָט-פאַרוואַלטונג. אויף דער באַמערקונג פונ'ם הילפּס-גאָלאָווא, אַז ער האָט דערויף קיין רעכט ניט, האָט פּאַ-ליענקאָ אים פאַרשפּראָכן צו באַקלערן און אַרויסגעבן וועגן דעם אַ ספּע-ציעלן באַפעל.

‥‥ דעם 8-טן אינדערפריה האָבן די אָרטיגע סאָלדאַטן (פון די „ניי-טראַלע") גרופּענווייז זיך באַוויזן אויף די גאַסן און אָנגעהויבן צו ראַבירן. באַלד אָבער איז אָנגעפאָרן אַן אווטאָמאָביל, אַ גרוזאָוויק מיט פּולעמיאָטן, אויף וועלכן ס'האָבן זיך געפינען די „קורענשטשיקעס" פון פּאַליענקע'ס חברה. די „קורענשטשי-קעס" האָבן אָנגעשטעלט די פּולעמיאָטן אויפ'ן צובושעווען המון און האָבן ערקלערט, אַז זיי וועלן קיינעם ניט לאָזן ראַבירן. דאָס איז געווען אַרום 8 אַ זייגער אין דער פריה. די דאָזיגע דראָהונג האָט געווירקט. די אָרטיגע סאָלדאַטן האָבן זיך דערשראָקן און אַנטלאָפן. די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך אָנגע-הויבן צו באַרוהיגן. אָבער אומזיסט. די אָנגעקומענע „קורענשטשיקעס" האָבן בלויז געהאַט איין ציל: פּטור צו ווערן פון קאָנקורענטן‥ מיט באָמבעס און מיט פריקלאַדן האָבן זיי אויפגעריסן טירן אין די קראָמען, און דער פּאָגראָם האָט אָנגענומען די שרעקליכסטע פאָרמען. בעת די רויבערייען האָט מען זיך ניט געאייַלט, נאָר פּלאַנמעסיג אַרויסגעטראָגן פון די געשעפטן די סחורות, אַרויפ-געלעגט אויף פורן אָדער אווטאָמאָבילן און אָפּגעשיקט צום וואָקזאַל, וואו ס'איז געווען דער שטאַב פונ'ם „קורען סמערטי". קיין אונטערשיד צווישן רייכע, גרויסע קראָמען ביז אָרעמינקע קלייטלאַך האָט מען ניט געמאַכט. אַלע האָט מען אויסגערייניגט און געמאַכט אַ תל פון דעם, וואָס מען האָט ניט אַוועקגע-פירט. די „קורענשטשיקעס" איז דאָך ניט געלונגען צו בלייַבן „איינע אויפ'ן מאַרק". ביסלאכווייַז איז דער פּאָגראָם פאַרוואַנדעלט געוואָרן אין אַ אַלגעמיי-נעם. פון די אַרומיגע דערפער זיינען געלאָפן די פּויערים און סאָלדאַטן מיט זיקסן, כדי צו באַטייליגן זיך אין דעם פּאָגראָם. מיט רויבערייַען אָבער האָט מען ניט יוצא געווען. וואו מען האָט געכאַפּט אַ אידן, האָט מען אים געשלאָגן מכות רצח. פילע זייַנען גע'הרג'עט געוואָרן אויפ'ן אָרט. די אידישע באַפעל-קערונג איז געלעגן אין טויט-שרעק באַהאַלטן. אין די הייַזער אַליין איז מען

ניט געווען זיכער, ווײַל ווען די כוליגאַנעס האָבן „ליקווידירט“ מיט די קראָ-מען, האָט מען זיך גענומען צו די הײַזער, צוערשט צו די, וואָס געפינען זיך אין דעם ראַיאָן פון וואָקזאַל, און דערנאָך צו די איבעריגע אין שטאָט. די אכזריות, רויבערײַען און רציחות האָבן געדויערט 5 טעג אָהן אַ אויפהער, דעם 7, 8, 9, 10 און 11-טען יאַנוואַר.

... „פאַליענקא מיט זײַן שטאָט-פּאַרוואַלטער דימיטרענקא האָבן אָרגאַ-ניזירט ארעסטן פון רייכע אידן, כדי צו באַקומען פון זיי אויסקויף-געלד.

... דעם סך-הכל פונ'ם פּאָגראָם איז נאָך לעת-עתה שווער צו מאַכן. קלאָר איז נאָר איין זאַך: קיין איין אידישע קראָם איז ניט געבליבן גאַנץ. און פאַר קיין שום געלד איז איצט אין זשיטאָמיר ניט צו קויפן וועלכע ס'איז סחורה. די אַלגעמיינע נויט איז שרעקליך.

הרוגים זיינען לעת עתה פאַררעגיסטרירט אן ערך 80 מאַן. פאַרוואונ-דעטע, דאָס רוב שווערע,—אָהן אַ צאָל. אין איין הויז האָט מען פאַרוואונ-דעט 25 אידן. אַ סך פרויען—פאַרגוואַלטיגטע.... געשלאָגן און געשאָסן האָבן די רוצחים מערסטענטייל עלטערע מענשן. די היזקות איז שווער אָפּצושאַצן, אָבער זיי דערגרייכן בלי ספק צעהנדליגער מיליאָנען“.

---

VII.

## די געשעהענישן אין אָוורוטש.

(אויסצוגן פון די דאָקומענטן, וואָס זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרן אין נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט לויט די פּערזענליכע מעלדונגען פון אָווּרוטשער דעלעגאַטן).

„....אויפ'ן וועג פון קאָראסטען קיין אָוורוטש, 8 ווערסט פון דער שטאָט, האָט קאַזיר-זירקא'ס אָפּטיילונג אויף אַ אכזריות'דיגן אופן גע'הרג'עט 9 אידן, אויסגעשניטן ביי אייניגע די צינגען, חוזק געמאַכט פון טויטע קער-פּערס און אויפגעהאַנגען דעם ארטיגן שוחט אויף אַ בוים. דער אַטאַמאַן מיט זיינע מקורבים האָבן, אַריינרייסענדיג זיך אין שטאָט, אָנגעהויבן סיסטעמאַ-טיש צו הרג'ענען אידן. פאָרנדיג אויף אַן אַווטאָמאָביל האָט איינער פון דער אָפּטיילונג פאַרהאַלטן אַ אידן, איינעם פרידמאַנען, און געפאָדערט, דראָהענדיג צו דערשיסן, 2000 רובל. באַקומענדיג די דאָזיגע סומע, האָט די אָפּטיילונג דערשאָסן פרידמאַנען, און אויך זײַן פאָטער מיט'ן ברודער. דער-נאָך האָט זיך די אָפּטיילונג פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט און געראַבירט אין משך פון 24 שעה אידישע קראָמען און פּריוואַטע וואוינונגען, דערביי האָט מען די אידן געשלאָגן מיט נאַהײַקעס און אייניגע געהרג'עט אויפ'ן אָרט. בסך הכל האָט מען דעם טאָג דער'הרג'עט 18 אידן—16 מענער און 2 פרויען. גלייכצייטיג האָט מען אין שטאָב געבראַכט 8 אידן, וועלכע מע האָט איבער-געטאָן אין פרויען-קליידער און געצוואונגען צו טאַנצן, צו זינגען א. א. וו. דער-

נאָך האָט מען דריי מאָל באַקומען פון די אידן קאָנטריבוציע, און דער אטאַ-מאַן האָט זיך אַביסל באַרוהיגט. ער האָט נור פאַראָרדנעט אַוועקצונעמען פון די קראָמען, כלומרשט צו „רעקוויזירן“, די פאַרבליבענע סחורות.“

„...דעם 16-טן יאַנוואַר האָט קאָזיר-זירקא גערופן אויפ'ן וואָקזאַל פאָרשטעהער פון די אָרטיגע אידן, כדי צו געבן כלומרשט אינסטרוקציעס, ווי אַזוי זיי זאָלן זיך אויפירן אינ'ם פאַל, ווען באָלשעוויקעס וועלן קומען אין שטאָט. די געקומענע 30 אידן, צווישן זיי דער פאָרזיצער און עטליכע מיטגלידער פון דער אָרטיגער אידישער קהלה, האָט ער באַגעגנט מיט עטליכע ווערטער, און תיכף האָט מען געגעבן אַ „זאַלפּ“ און מען האָט דער-שאָסן די גאַנצע דעלעגאַציע. די פאַרוואונדעטע האָט מען דער'הרג'עט מיט פריקלאַדן און שווערדן. ביי אַ סך פון די קרבנות האָט מען אָפּגעהאַקט די אויערן, די קעפּ, איבערגעשניטן די העלזער.

„די אָרטיגע פויערים האָבן באַשטימט ניט מיטגעפיהלט דעם פּאָגראָם.“

---

צו די דאָקומענטן ווערט צוגעלעגט אַ רשימה פון איבער 50 הרוגים אין אָווּרוטש, צווישן זיי דער פאָרזיצער פון דער דאָרטיגער קהלה.

---

## VIII.

## די הריגות אויף סטאַנציע ראַמאַדאַן.

### א.

אַ בריף פון מירגאָראָדער קהלה-ראַט צום נאַציאָנאַלן סעקרעטאַריאַט, 10 מאַרט 1919 (אויסצוג).

„...נאָכדעם, ווי ביי אונז איז געוואָרן רוהיגער, האָט אונזער קהלה-ראַט באַשלאָסן ברענגען צו אונז אין שטאָט די אידישע הרוגים פון ראָמאָדאַן און דאָ זיי מקבר זיין; מיר האָבן שוין געקראָגן די פאַרשידענע נויטיגע ערלויב-נישן דערויף; נאָר אין דעם זעלבן טאָג, 5 פעווראַל, ווען אונזערע פאָרשטע-הער האָבן געזאָלט פאָרן אין ראָמאַדאַן, האָבן די שליחים פון לובענער קהלה געבראַכט די 11 אידישע הרוגים צו אונז. מיר האָבן גערופן 2 דאָקטורים אויף אויסצופאָרשן די טויטע קערפּערס, און די רעזולטאַטן פון דער אויס-פאָרשונג זיינען פאַרשריבן געוואָרן אין פּראָטאָקאָל (זעה דעם פּראָטאָקאָל ווייטער).

אַ דאַנק דער באַמיהונג פון דער קהלה, זיינען אין דעם יום-הקבורה פאַרמאַכט געוואָרן אַלע קלייטן, און כמעט די גאַנצע שטאָט,—אויך די קריסטן—האָט באַגלייט די קדושים אין זייער לעצטער רוה. נאָך די שבעת-טעג האָבן מיר איינגעאָרדנעט אַן עפענטליכע טרויער-פאַרזאַמלונג, אויף וועל-

כער מ'האָט געמאַכט א הזכּרה, געהאַלטן רעדעס וועגן די געשעהענישן און מספּיד געווען די קדושים.

אַזוי ווי אין שטאָט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אין ראָמאָדאַן זיינען פאראַן נאָך גע'הרג'טע אידן, האָט זיך די קהלה געווענדעט צו דער אָרטיגער מאַכט, זי זאָל אַריין וועגן דעם אין פאַרבינדונגען מיט דער ראָמאָ-דאַנער מאַכט. די טעג האָבן מיר ערהאַלטן אַן ענטפער פון ראמאדאן, אַז צווישן די באַהאַלטענע אין די „ברידער-קברים" זיינען קיין אידן ניטאָ.

אויסער די 11 אומבאַקאַנטע הרוגים זיינען אויך גע'הרג'עט געוואָרן: איינער אַ ראָמאָדאנער איד, וואָס האָט זיך ערשט אומגעקערט פון געפענגעניש, און איינער—אַ לאָכוויצער; אויף צוויי פון די הרוגים האָבן עטליכע מענשן עדות געזאָגט, אַז זיי דערקענען זיי: איינער איז לעוויטין, א פרילוקער, דער צווייטער—זאַסלאַווסקי פון פּיריאַטין. וועגן דעם האָבן מיר מודיע געווען די קהלות אין פרילוק און פּיריאַטין.

צו דעם לעגן מיר צו 11 בילדער פון די קדושים.

פאָרזיצער פון קהלה-ראָט: ז. בערמאַן, סעקרעטאַר: ה. כהן".

## ב.

פּראָטאָקאָל פון דער מעדיצינישער אויספאָרשונג פון די הרוגים אין ראָמאָדאַן. דעם 6 פעוראַל 1919.

(אויסצוגן).

„די מעדיצינישע אויספאָרשונג, געמאַכט פון די דאָקטוירים מ. קראַ-כילשטשיקאָוו און אַ. סטראַשני, האָט פעסטגעשטעלט, אַז צוויי פון די 13 הרוגים וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן פון ראָמאדאן קיין מירגאָראָד, זיינען ניט-אידן. די איבעריגע 11:

1) געשטאָרבן פון אַ שאָס און אַ שטאָך: די קויל איז דורכגעגאַנגען נעבן רעכטן אויער און איז פאַרוואונדעט ביי דער צווייטער חוליא פון האַלז-ביין. דער שטאָך איז אין לינקן זייט, נעבן דער פינפטער ריפּ.

2) דערשאָסן געוואָרן אין ברוסט. אָנגעטאָן ווי אַ אינטעליגענט געפונען ביי אים אַ פאָטאָגראַפיש בילד, באַשטעטיגט פון פאָלטאַווער מאַכט, אויפן נאָמען פון מרדכי בן ישראל-ליב בוק, און אַ דאָקומענט פון וואַרשאַ פונ'ם 30 דעקאַבר 1918 אויף דעם זעלבן נאָמען.

3) אַ שטאָך-וואונד אינ'ם אונטערשטן טייל פון בויך, רעכטס. געפונען ביי אים אַ פאַספּאָרט אויפ'ן נאָמען פון יעקב יוסף אַמטשיסלאַווסקי פון פּיריאַטין.

4) דערשטאָכן אין האַלז. אין דער אונטערשטער ציין-רייהע—אַ גאָל-דענער צאָן. דערקאָנט געוואָרן פון איינעם, וואָס האָט פאַרבראַכט אַ לאַנגע

צייט אין פרילוק, אַז דער געַ׳חרגַ׳עטער איז אַ פרילוקער איינוואוינער—לעוויטין, וואָס האָט דאָרט געדינט בײַ פראַדקינען.

5) דערשטאָכן אין פלייצע, נעבן דער רעכטער פאַכווע. דער קאָרק צעקלאַפּט מיטן „פריקלאַד" פון אַ ביקס. אויף דער העמד געפינען זיך די איניציאַלן T. P.

6) דערשאָסן געוואָרן אין מויל.

7) דערשטאָכן געוואָרן אין בויך, רעכטס.

8) דערשטאָכן געוואָרן אין פלייצע און אין ברוסט.

9) דערשטאָכן געוואָרן אין האַרצן.

10) דערשאָסן געוואָרן פון הינטן אין קאָפּ, געפונען בײַ אים אַ פּאַספּאָרט פון סלוצק, מינסקער גוב., אויפ׳ן נאָמען פון ראָזין.

11) דערשטאָכן אין האַרצן רעכטס, געפונען בײַ אים אַ פּאַספּאָרט פון שקלאָוו., מאָהיל. גוב., אויפ׳ן נאָמען פון מאיר בן לייב מענדעל און אַן ערלויבניש צו פאָרן אין קיעוו אויפ׳ן זעלבן נאָמען פון ראַמענער קאָמיסאַר.

---

## IX.

## דער אַרעסט פון פּאַליענקאָ.

דער נ. ס. האָט פון פּריוואַטע קוועלן געקראָגן פאָלגענדן אינטערעסאַנטן דאָקומענט, וועלכער כאַראַקטעריזירט בולט די פּערזאָן פון איינעם פון די וויכטיגסטע מיליטערישע פּאָגראָם-אָרגאַניזאַטאָרס אין אוקראַינע, דעם אָרגאַניזאַטאָר פונ׳ם זשיטאָמירער און אַנדערע פּאָגראָמען:

### Арешт Паліенко.

Головною Командою Військ Української Народньої Республіки одержани телеграми від 17 січня за ч.ч. 413 і 430 такого змісту:

I. „Доношу, що цього числа заарештовав командіра так званого ударного корпусу **Паліенко**, про якого вже послано донесення крім зазначенних в попередній депеші. В потягу Паліенко найдено срібла, золото і инші річі. Складаю Слідчу Комісію. 1919 р. 17 січня. Полковник ОСКІЛКО".

Доношу, що начальник отряду Паліенко, сотник Мантуляк, заарештованний в Житомірі по криминальним справам, а комендант цього Штабу—Миколаєв взяв з Мантуляка зверх 100.000 карб. грошей хабара і випустив заарештованого Рабіна і компанію. Миколаєв зник. Сам Паліенко випустив самочинно з в'язниці ґенерала Левицького, за яким є справа сподвижности з ґенералом Чистяковим, яким инкриминиruється зрада і подача на сторону другої держави, а також рострата і ограбування державних скарбниць. Взагалі коло

**Імені Паліенко і його отряду вятає кошмар криминальних справ**, і крім цього його отряд не годиться для бою з ворогом хоть трохі орґанізованим, а займається переважно грабіжами, що показав приклад в бою під Домбровицею. І сам Паліенко абсолютно не розуміе військової тактики, а тому я наказав йому з своїми гайдамаками відправитись в роспорядження Командіра Осадного Корпуса КОНОВАЛЬЦЯ. Прохаю специяльної слідчої комісії за для роскриття маси тіх криминальних справ, які натворив цей отряд, бо в республіканському війську не повинно цього бути. Полковник ОСКІЛКО“.

Одержавши такі відомости, Головний Отоман наказав утворити слідчу комісію і покарати виновных по законам військового часу.

Начальник Канцелярії Головного Отамана (підпись).

די איבערזעצונג אין אידיש:

די מיליטערישע הויפּט-פאַרוואַלטונג פון דער אוקראַינער פאָלקס-רעפּובליק האָט באַקומען טעלעגראַמעס פונ׳ם 17 יאַנוואר, נומער 413 און 430 מיט׳ן פאָלגענדן אינהאַלט:

I. „איך בין מודיע, אַז היינט האָב איך אַרעסטירט דעם קאָמאַנדיר פונ׳ם אַזוי גערופענעם שלאַג-קאָרפּוס פ א ל י ע נ ק אָ, וועגן וועלכן ס׳זיינען שוין געשיקט געוואָרן מעלדונגען אַ חוץ די, וואָס די פריהעריגע טעלעגראַמע האָט געבראַכט. אין פאַליענקע׳ס צוג זיינען געפונען געוואָרן: זילבער, גאָלד און אַנדערע זאַכן. איך שאַף אַן אויספאָרשונג-קאָמיסיע. דעם 17 יאַנוואַר, 1919. פאָלקאָווניק אָסקילקא״.

II. „איך בין מודיע, אַז דער סאָטניק מאַנטוליאַק, דער פאַרוואַלטער פון פאליענקע׳ס מיליטער-אָפּטיילונג, איז אַרעסטירט געוואָרן אין זשיטאָמיר פאַר קרימינעלע ענינים. דער קאָמענדאַנט פונ׳ם שטאַב—ניקאָלאיעוו האָט באַקומען פון מאַנטוליאַק׳ן אריבער 100.000 רובל חאַבאַר און באַפרייט דעם אַרעסטירטן ראַבינען מיט דער קאמפאַניע.

ניקאָלאַיעוו אַליין איז אנטלאפן. פאליענקא האָט אויף זיין אַחריות אויך באַפרייט דעם גענעראַל לעוויצקי, דעם מיטהעלפער פונ׳ם גענעראַל טשיסטיאקאוו, וועלכע ווערן באַשולדיגט אין פאַררעט לטובת אַן אַנדער מלוכה און וועלכע האָבן פארשווענדעט און באַרויבט געלד פון מלוכה-קאַסעס. בכלל שוועבט אַרום דעם נאָמען פון פאליענקא און זיין אָפּטיילונג אַ קאָשמאַר פון קרימינעלע מעשים. אַ חוץ דעם טויג זיין אָפּטיילונג בכלל ניט פאַר דעם קאַמף מיט אָ שונא, וואָס איז כאָטש וויפיל ס׳ניט איז אָרגאַניזירט, און די אָפּטיילונג פאַרנעמט זיך איבערהויפּט מיט רויבערייען, אָלס אָ ביישפּיל קאָן דינען דער שלאָכט נעבן דאמבראוויצע. פאליענקא אַליין פאַרשטעהט

להלוטין ניט די קריגס-פּאַקטיק. איך האָב אים מיט זיינע היידאמאקעס באַפוילן זיך צו שטעלן אונטער'ן רשות פון קאָנאָוואלעץ, דעם קאָמאַנדיר פון באַלאָגערונג-קארפּוס. איך בעט, אַז אַ ספּעציעלע קאָמיסיע זאָל אויס-פאָרשן די גרויסע צאָל קרימינעלע פאַרברעכענס, וואָס די דאָזיגע אָפּטיילונג איז באַגאַנגען, ווייל אינ'ם רעפּובליקאַנישן מיליטער טאָרן אַזעלכע מעשים ניט פאָרקומען".

פּאָלקאווניק אסקילקא.

באַקומענדיג אַזעלכע ידיעות, האָט דער הויפּט-אַטאַמאַן (פּעטליורע) באַפוילן צו שאַפן אַ אויספאָרשונג קאָמיסיע און באַשטראָפן די שולדיגע לויט די געזעצן פון קריגס-צייט.

פאַרוואַלטער פון הויפּט-אַטאַמאַן'ס קאנצעלאַריע (חתימה).

X.

מיר ברענגען דאָ צוויי אינטערעסאַנטע דאָקומענטן—אַ בריף-פּאַרקער צווישן זאָלאָטאָנאָשער קאָמענדאַנט און דעם טשערקאסער אויעזד-קאָמיסאַר, וואָס כאַראַקטעריזירט די באַציהונג מצד דער אָרטיגער אוקראַינישער מאַכט צו פרידליכע אידישע בירגער און צו זייער אייגענטום:

1

Українська Народня Республіка

*Комендант*

м. Золотоноші і повіту.

*Грудня 20-го дня, 1918 року*

№ 499.

м. Золотоноша.

**РОСПИСКА.**

Видана мешканцю м. Кролівця, Черніг. губ. Вульфові Ельеву Іткінду в тім, що від нього одібрано 40000 карбованців (сорок тисяч карб.) грошей, які будуть хоронитись доки Іткінд не доставить посвідчення від Черкасського Повітового Коменданта, та Комисара в тім, що ці гроші **не для спекуляції, або агітації проти Української Народньої Республіки і її Директорії.**

Комендант Осавул А. Руденко.

2.

# Українська Народня Република
*Черкасскій*
Повітовий Коміссар
**ГЕНЕРАЛЬН. СЕКРЕТАР.**
*Грудня 21 дня 1918 р.*

№ 429.

м. Черкасси на Киівщіни.

## До Коменданта м. Золотоноші і повіту.

Зважаючи на видану Вами 20-го грудня сього року, за № 499, росписку Вульфові Элеву Іткінду в одібраний від нього **сорока тісяч** карбованців, цім свідчу, що зазначенний Іткінд віз їх не для спекулятивної мети, чи то агітації проти Української Народньої Республіки і її Діректорії, тому прошу з означенної кількісті **Сорока тисяч карбованців** —пять тісяч повернути Іткінду, чи властникові їх Самуілу Сролевичу Ланцузскому, а решту **тридцать пять тісяч карбованців** переслати до Черкасської Повітової Скарбниці від Ланцузского в депозіт Черкасського Окружного Суду.

Повітовий Коміссар (підпісь)

Секретарь (підпісь).

---

די איבערזעצונג אין אידיש:

1.

„די אוקראַינישער פאָלקס-רעפובליק. קאָמענדאַנט פון שטאָט זאָלאָטאָ-נאשע און פונ׳ם אויעזד. דעקאַבר דעם 20-טן 1918. № 499. זאָלאָטאָנאָשע.

## אַ ק ב ל ה.

דערמיט ווערט באַשטעטיגט, אַז ביים איינוואוינער פון קראָלעוועץ, טשערניגאָווער גוב., וואָלף עליעזר איטקינד זיינען אָפּגענומען געוואָרן פערציג טויזענד (40,000) רובל, וואָס וועלן ליגן, ביז איטקינד וועט צושטעלן אַ באַשטעטיגונג פונ׳ם טשערקאַסער פאָוויטאָוון קאָמענדאַנט און פונ׳ם קאָמיסאַר, אַז דאָס דאָזיגע געלד איז ניט באַשטימט פאַר קיין ספעקולאַציע אָדער אַגיטאַציע געגן דער אוקראַינישער פאָלקס-רעפובליק און איר דירעקטאָריע.

קאָמענדאַנט: עסאַאול א. רודענקע״.

2.

„די אוקר. פאָלקס-רעפובליק. דער פאָוויטאָווער-קאָמיסאַר פונ׳ם גענעראַל-סעקרעטאַריאַט. דעם 21-טן דעקאַבר 1918. № 429. טשערקאַס, קיעווששינא.

## צום קאָמענדאַנט פון זאָלאָטאָנאָשע און אויעזד.

בנוגע דער קבלה, וואָס איר האָט דעם 20 דעקאַבר, נומער 499, אַרויס־גענעבן צו וואָלף עליעו איטקינד׳ן אויף די אָפגענומענע ביי אים פערציג טויזענד קאַרבאָוואַנצעס, באַשטעטיג איך דערמיט, אַז דער דאָזיגער איטקינד האָט געפירט דאָס געלד ניט צוליב ספעקולאַציע אָדער אַגיטאַציע געגן דער אוקראַאינישער פאָלקס-רעפובליק און איר דירעקטאָריע. דעריבער בעט איך: פינף טויזנד פון די פערציג אומקערן איטקינד׳ן, אָדער דעם בעל-הבית פונ׳ם געלד שמואל סרוליעוויטש לאַנצוזסקע׳ן און די איבערגעבליבענע פינף און דרייסיג טויזנד קאַרבאָוואַנצעס אָפּשיקן אויף לאַנצוזסקעס נאָמען אין דער טשערקאַ־סער אויעזדנער מלוכה-קאָסע פאַר דעם דעפאָזיט פון טשערקאָסער קריַיז־געריכט.

דער פּאָוויטאָווער-קאָמיסאַר (חתימה).
דער סעקרעטאַר (חתימה)״

---

.IX

מיר ברענגען צוויי דאָקומענטן אלס מוסטער, ווי מען צווינגט אידן צו גיבן „פרייוויליג״ נדבות לטובת דעם אוקראַינישן מיליטער:

## РАХУНОК.

1919 р. Січня 1-го дня, одержано від Баришівської Еврейської Общини добровільної допомоги Української Республіканської Національної армії всього тридцять дві тісячі (32000 р.).

Одержав Військ. Коміссар Масловський.

## РОСПИСКА.

Цію роспиську Баришевское Еврейськое Общество дае в тім, що воно добровольно жертвуе на Украинськую армію сто пятьдесять тисяч карбованців (150000 кар.) в чім підписуюсь.

Голова (підпись)· Члени (підпись)
Гроши получил: Старшина окремой сотні (підпись).

די איבערזעצונג אין אידיש:

## „אַ חשבון.

1919 יאָר, יאַנוואַר דעם 1-טן באַקומען פון דער באַרישעווקער אידי־שער קהלה אַ פרייוויליגע נדבה אַלס הילף דער אוקראַינישער רעפּוב־ליקאַנישער נאַציאָנאַלער אַרמיי—צוויי און דרייסיג טויזענט רובל (32,000 ר.)
באַקומען האָט דער מיליטערישער קאָמיסאַר מאַסלאָווסקי״.

## „ק ב ל ה.

די באַרישעווקער אידישער קהלח באַשטעטיגט דערמיט, אַז זי איז פריי-וויליג מנדב לטובת דער אוקראַינער אַרמיי הונדערט פופציג טויזענד (150,000) רובל. געחתמ'עם: דער גאלאווא

די מיטגלידער } חתימות

דאָס געלד באַקומען: סטאַרשינאַ פון דער „אַקרעמא סאטניא“ (חתימה).

---

## צו דער שחיטה אין פראָסקוראוו.

דעם 15-טן פעוראַל האָט זיך אין פראָסקוראָוו אָנגעהויבן די שרעקליכע שחיטה, וואָס האָט געקאָסט אידן ביז 6000 קרבנות, אַלס קאָמאַנדיר פון דעם אָריטנען אוקראַינישען רעפובליקאַנער מיליטער (פון דער דירעקטאָריע) איז בעת מעשה געווען דער אַטאַמאַן סעמעסענקאָ. מיר ברענגען דאָ זיינע דריי באַפעלן, וועלכע כאַראַקטעריזירן שאַרף און בולט די האלטונג פון די אָפיציעלע העכערע מיליטער-קרייזן צו דער פראָסקוראָווער אידישער באַפעלקערונג. איין דאָקומענט איז ערשינען פאַר דעם פאָגראָם, דער צווייטער —בעת'ן פאָגראָם, דער דריטער מיט אַ קורצער צייט נאָכ'ן פאָגראָם. דעם ערשטן און דריטן ברענגען מיר אין אויסצוגן.

XII.

## НАКАЗ.

по Запоріжський Козацький Бригаді Українського Республіканського Війська імені Головного Отамана Петлюри.

6 Лютого 1919 року. м. Проскурів.

### Відділ залоговий.

№ 6. Пропоную населенню припинити свої анархічні вібухи, бо з вами у мене досить сип боротися. Це більш всього завважаю жидам.

Знайте, що ви народ всіма націями не любимий, а ви робите такий бешкет між хрищеним людом. Хіба ви не бажаєте жить, хиба вам не жалко своєй нації?

Вас колі не чепають то і сидить мовчки, а то така нещасна нація каламутит бідний люд.

Орігінал підпісав:

Командір Запоріжський Козацький Бригаді
Отаман СЕМЕСЕНКО.

З орігіналом згідно: Осаул Бригаді Значковий ЯЦЕНКО.

די איבערזעצונג אין אידיש:

## באַפעל.

צו פעטליורעס זאַפּאָראָזשער קאָזאַקן-בריגאַדע פונ׳ם אוקראַאינישן רעפּובליקאַנישן מיליטער.

פּראָסקוראָוו, 6 פעוראַל 1919. גאַרניזאָן אָפּטיילונג.

№ 6. „איך לעג פאָר דער באַפעלקערונג מאַכן אַ סוף צו אירע אַנאַרכיסטישע אַרויסטרעטונגען, ווייל מיט אייך איז ביי מיר פאַראַן גענוג קראַפט צו קעמפן. מער פון אַלעמען מאַך איך אויף דעם אויפמערקזאם די זשידעס.

זייט וויסן, אַז איר זייט אַ פאָלק, וואָס איז אַלע פעלקער ניט ליב, און איר מאַכט אַזאַ מהומה צווישן די קריסטן! איז דען אייך דאָס לעבן ניט ניחא, האָט איר דען קיין רחמנות ניט אויף אייער נאַציע?

אַז מען טשעפעט אייך ניט-טאָ זיצט אייך און שווייגט. אַזאַ שלים׳מזל׳דיג פאָלק און בונטעוועט דאך די אָרעמע באַפעלקערונג״!

געחתמ׳עט: „קאָמאַנדיר פון זאַפּאָראָזשער קאָזאַקן-בריגאַדע אַטאַמאַן סעמעסענקא.

שטימט מיט׳ן אָריגינאַל: עסאַאול פון דער בריגאַדע „זנאַטשקאָווי״ יאצענקאָ.

---

XIII.

## Наказ

по Запоріжській казацький бригаді Українського Республіканського Війська Імені Отамана ПЕТЛЮРИ.

16 лютого 1919 р. м. Проскурів.

### Відділ Залоговий

Я, отаман Запоріжськоі бригади і начальник Проскурівськоі залоги, оповіщаю все населення міста і повіту про слідуюче:

В ночі з 14 на 15 лютого ц. р. якись неодповідальні, несовістні і безчестні люди почали збройне повстання проти істнуючоі влади в місті і повіті. Люди ці по певним відо-

**мостям, яки** маються у мене, **належачі до еврейськоі націі, захотили взяти владу в свої руки,** зробити через те замішання в державному апаратові і повести нашу Украінутак багато вже перестрадавшу, до анархіі і безладдя. Мною були ужиті самі рішучі заходи щоби повстання ними підняте приборкати. **Дуже можливо, що між жертвами впавшими від зброі моіх казаків е багато невинних, але так як ніщо неможливо без ошибок, то і тут такі могли бути.**

Жалко невинних жертв, і загальна смерть покрила місто Проскурів, однак кров тіх невинних жертв паде проклятієм на голови тіх, яки виявили себе провокаторами і авантюрістами, тобто проводників невдавшагося повстання.

Все населення міста і повіту призиваю до спокою і виконування своіх ділових занять і попереджаю, що коли хто небудь захоче або вважиться знова ввести заколот в життя мирного населення і повести при помочі провокаціі проти законноі влади, то я не спинюсь ні перед чім, а це **що сталось повинно бути грізним „мементо" для всіх експеріментаторів.**

Командір Запоріжськ. Козацьк Бригади Укр. Респ.
Війська імені Головн. Отамана Петлюри:
Отаман СЕМЕСЕНКО.

די איבערזעצונג אין אידיש:

## באַפעל

## צו פעטליורעס זאַפּאָראָזשער קאָזאַקן-בריגאַדע פונ׳ם אוקראַינישן רעפּובליקאַנישן מיליטער.

פּראָסקוראָוו, 16 פעווראַל 1919. גאַרניזאָן-אָפּטיילונג.

איך, אַטאַמאַן פון זאַפּאָראָזשער בריגאַדע און קאָמאַנדיר פון פּראָסקוראָווער גאַרניזאָן, בין מודיע דער גאַנצער באַפעלקערונג פון שטאָט און אויעזד פאָלגענדעס: אין דער נאַכט פונ׳ם 14 אויפ׳ן 15 פעווראַל ד. י. האָבן איינִיגע אומפּאַראַנטוואָרטליכע, אומפאַרשעמטע מענשן, מענשן אָהן יושר, אויפגעהויבן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד געגן דער עקזיסטירענדער מאַכט אין שטאָט און אויעזד. די מענשן, וועלכע געהערן, לויט די זיכערע ידיעות וואָס איך האָב, צו דער אידישער נאַציע, האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן די מאַכט אין זייערע הענט, אַריינטראָגן אַן אומאָרדנונג אינ׳ם מלוכה-אַפּאַראַט און דערפירן אונזער פיל געליטענע אוקראַינע צו אַנאַרכיע און אומרוה. איך האָב אָנגענומען די ענטשידענסטע מיטלען כדי צו דערשטיקן דעם אויפגעהויבענעם אויפשטאַנד. ס׳קאָן

זיין, אַז צווישן די קרבנות, וועלכע זיינען אומגעקומען פונ'ם געווער פון מיינע קאַזאַקן, זיינען פאַראַן פיל אומשולדיגע, נאָר אַזוי ווי קיין זאַך איז ניט מעגליך אָהן טעות'ן—האָבן זיי אויך דאָ געקאָנט זיין.

א רחמנות אויף די געפאַלענע קרבנות, און אַ טויט כאַפּט אַרום די גאַנצע שטאָט פּראָסקוראָוו. אָבער דאָס בלוט פון די אומשולדיגע קרבנות וועט פאַלן אַלס אַ קללה אויף די, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פּראָוואָקאַטאָרן און אַוואַנטיוריסטן, ד. ה. אויף די אויספירער פונ'ם ניט-געלונגענעם אויפשטאַנד.

איך רוף די גאַנצע באַפעלקערונג פון שטאָט און אויעזד צו באַרוהיגן זיך און צוטרעטן צו דער טאָג-טעגליכער אַרבעט. איך וואָרן, אַז אין פאַל ווען עמיצער וועט וועלן אָדער וועט זיך פּרובן ווידער אַמאָל אַריינטראָגן אַ מהומה אין לעבן פון דער פרידליכער באַפעלקערונג און אויפהויבן זי, מיט פּראָוואָקאַציאָנס-מיטלען, געגן דער געזעצליכער מאַכט—וועל איך זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּשטעלן, און דאָס, וואָס, ס'איז פאָרגעקומען, דאַרף זיין אַ שרעקליכער „מעמענטאָ“ פאַר אַלע עקספּערימענטאַטאָרן.

געחתמ'עט:

„קאָמאַנדיר פון הויפּט-אַטאַמאַן פּעטליורעס זאַפּאָראָזשסקע קאַזאַקן-בריגאַדע פון אוקראַינישן רעפּובליקאַנישן מיליטער
אַטאַמאַן סעמעסענקאָ.“

---

XIV.

# Наказ Ч. 16.

## Військам Проскурівської Залоги.

27-го Лютого 1919 р. м. Проскурів

§ 2.

ЖИДИ! До мене дійшли відомости, що ви вчора хотіли зробити зібрання на Олександрівської вулиці для обміркування справ захопити владу в свої руки і що через чотирі доби Вами готується зробити повстання, таке як Ви зробили 14—15 лютого ц. р. Завважаю, що у настоящий мент я маю під своім керуванням до 10000 чоловік певного Украінського війська. Артилеріі і скорострілів теж досить і це повстання буде подавлено міцною рукою.

Місто Проскурів оголошую на усиленному стані. Рух по місту дозволяю тількі до 18 годин. В театрах і кіно гру забороняю. По місту в день дозволяеться ходити не більш, як двом чоловікам вкупі, а останавливатися деб-то було на вуглах чі біля своей кватери рішуче забороняю. Хто не буде виконувати цього наказу—без суду буде розстріляи. Начальника охорони міста Проскуріва полковника Рогульскаго прошу висилати по місту самий усиленний патруль, як днем, так і ночью, і всіх, хто не виконуе мого наказу заарештувати і робитиросправу як вказано в наказу.

Орігінал підпісав: Начальник залоги
Командір Запоріжської Казацької Бригади Українського Республіканського Війська імені Головного Отамана ПЕТЛЮРИ
Отаман СЕМЕСЕНКО.

З оріґіналом згідно:
Осаул залогового відділу—Значковий РОССІНЕВИЧ.

די איבערזעצונג אין אידיש:

## באפעל № 16.

## צום מיליטער פון פּראָסקוראָווער גאַרניזאָן.

פּראָסקוראָוו, דעם 27 אַפּריל 1919.

§ 2.

„זשידעס! איך האָב באַקומען ידיעות, אַז איר האָט נעכטן געוואָלט מאַכן אַ פאַרזאַמלונג אויף אלכסנדראָווסקע גאַס אויף צו באַטראַכטן די פראַגע פון פאַרכאַפּן די מאַכט אין די הענט, און אַז אין פיר טעג אַרום גרייט איר זיך צו מאַכן אן אויפשטאַנד, ווי איר האָט עס געטאָן דעם 14—15 פעווראַל ד. י. איך מאַך אויפמערקזאַם, אז אונטער מײַן קאָמאַנדע געפינט זיך איצט ביז 10.000 מאַן זיכערער אוקראַאינישער מיליטער. אַרטילעריע און פולעמיאָטן איז אויך דאָ גענוג, און דער אויפשטאַנד וועט דערשטיקט ווערן ביד חזקה.

איך דערקלער קריגס-צושטאַנד אין שטאָט פּראָסקוראָוו. די באַוועגונג אין שטאָט איז ערלויבט נאָר ביז 18 אַזייגער. איך פאַרווער די פאָרשטעלונ-גען אין די טעאַטערן און קינא'ס. ס'ווערט ערלויבט געהן בײַטאָג אין שטאָט ניט מער ווי צווייען צוזאַמען. אָפּשטעלן זיך וואו ניט איז אויף די ראָגן אָדער ביים הויז איז שטרענג פאַרבאָטן. ווער עס וועט ניט אויספירן דעם באַפעל—וועט דערשאָסן ווערן אָהן שום געריכט. דעם קאָמאַנדיר פון שטאָט-אָכראַנא פּאָלקאָווניק ראָגולסקי בעט איך אַרויסצושיקן איבער'ן שטאָט סײַ בײַ-

טאָג, סיי ביי דער נאַכט פאַרשטאַרקטע פּאַטרולן און אַרעסטירן די אַלע, וואָס וועלן ניט אויספירן מיין באַפעל, און באַשטראָפן זיי לויט'ן געזעץ."

גע'חתמ'עט:

„קאָמאַנדיר פון גאַרניזאָן, קאָמאַנדיר פונ'ם הויפּט-אַטאַמאַן פעטליורעס קאָזאַקן-בריגאַדע פונ'ם אוקראַיניש'ן רעפּובליקאַנישן מיליטער-אַטאַמאַן סעמעסענקאָ.

שטימט מיט'ן אָריגינאַל:

עסאול פון גאַרניזאָן-אָפּטיילונג—„זגאַטשקאָווי" ראָסינסקי"

---

XV.

אין יאַנוואַר 1919 איז אין פּרילוק, פּאָלטאַווער גוב., אַרויסגעגעבן געוואָרן פאָלגענדער באַפעל (אויסצוג):

# Наказ

**Всім Головам Волосних та Сільських Управ, Волосним Комисарам; передати по селах.**

Від Командуючого Республіканськими Військами Прилуцького загону.

Бувшій командир 29 пішого полку Ковтун Петро в той час, як я виїхав до штабу Головнокомандуючого по службових справах, задумав підняти повстання проти Народнього Республіканського Уряду—Діректорії. Він ограбив казначейство й видав козакам по 90 карбованців, щоб вони пішли з ним проти нашої соціялістичної Влади. Частина козаків під впливом агітації—**де з них жидків—большевиків, що торгують вами**—за надіслані гроші повірила Ковтуну й стали підтримувати „совѣтскую власть".

Д'якуючи Начальникові моеі військової Інформації Степану Медількові та іншим народнім діячам, удалось з'ясувати козакам де правда і більшість козаків стала за соціялістичний Уряд Республіки—Діректорію та за своіх отаманів на чолі з батьком Петлюрою...

Отаман ГАРВИШКО.

די איבערזעצונג אין אידיש:

# באפעל.

## צו אלע פאָרזיצער פון די וואָלאָסט-און דאָרף-אופראווע, און צו די וואָלאָסט-קאָמיסאַרן.

איבערגעבן אין די דערפער.

פונ'ם קאָמאַנדיר פון דעם רעפובליקאַנישן מיליטער אין פרילוקער קרייז.

(אויסצוג).

„אין דער צייט ווען איך בין אָפגעפאָרן, צוליב מיינע אמט-ענינים אין שטאַב פונ'ם הויפט-קאָמאַנדיר—האָט דער געוועזענער קאָמאַנדיר פונ'ם, 29-סן אינפאַנטעריע-פאָלק פעטראָ קאָווטון באַשלאָסן אויפצוהויבן אַן אויפשטאַנד געגן דער פאָלקס-רעפובליקאַנישער רעגירונג—דער דירעקטאָריע. ער האָט באַרויבט די מלוכה-קאַסע און האָט ארויסגעגעבן יעדן קאַזאַק צו 90 רובל, כדי זיי זאָלן געהן מיט אים געגן אונזער סאָציאַליסטישער רעגירונג. אַ טייל קאָזאַקן האָט זיך אונטער דער השפעה פון דער אַגיטאַציע—טיילווייז אויך מצד די זשידקעס-באָלשעוויקעס, וואָס פארשאַכערן אונז —און א דאַנק דאָס געלד, וואָס זיי האָבן באַקומען, זיך געלאָזט פארפירן פון קאָווטונ'ען און האָבן אונטערגעשטיצט די „ראַטן-מאַכט".

אַ דאַנק דעם שעף פון מיין מיליטער-אינפאָרמאַציע (אינפאָרמאַציאָנס-ביוראָ?)—סטעפאַן מעדילקאָ און אַנדערע פאָלקס-טוער, האָט זיך איינגעגעבן צו דערקלערן די קאַזאַקן דעם אמת, און די מערהייט פון די קאַזאַקן איז אַריבער אויפ'ן צד פון דער סאָציאַליסטישער רעגירונג פון דער רעפובליק—דער דירעקטאָריע און או פ'ן צד פון זייערע אַטאַמאַנעס, בראש מיט'ן באַטקאָ פעט-ליורע"...

גע'חתמ'עט: אַטאַמאַן האַוורישקאָ.

---

## XVI.

אין יאַנואַר 1919 האָט זיך דער קהלה-ראַט פון וויניצע געווענדעט צום שטאַב-שעף פון 2-טן קאָרפוס פון דער אוקר. דירעקטאָריע-אַרמיי מיט אַ מעלדונג וועגן די מורא'דיגע גוואלדטאַטן, וואָס ווערן באַגאַנגען געגן דער אידישער באַפעלקערונג אין דעראזשנע, פאָד. גוב., און מיט אַ ביטע אָננעמען מיטלען כדי די גוואַלדטאַטן אָפצושטעלן.

אַלס ענטפער אויף דעם האָט דער שטאַב-שעף געענטפערט דער ,וויני-צער קהלה פאלגענדעס:

## Винницькій Еврейській Общині.

На Вашому проханню командір Корпуса поклав таку резолюцію: „Краще вживіть всіх заходів 1) щоб члени еврейської Деражнянської громади не агитіровали за „совдепи“; 2) **Щоб не вживали ніякіх заходів за для захиста населення Летичівського повіту,** бо тоді ніякі мої казакі не поможуть, і козаки, рахуючи Летичівські озброєні сили за підтримующі більшовиків, дійсно будут іх ізбивати. Навпаки учинить сліжку і сами заарештовуйте небезпечний ворожнечій Укр. Народ. Республікі елемент і агітаторів. Таким чином уявить себе дійсними громадянами Укр. Нар. Респуб. визнающими і підтримующими Діректорію“.

З свого боку призначив розслід Деражнянськіх подіі.

Начальник Штаба 2-го Подільского Корпусу
Генеральний Хорунжий (підпісь)
Начальник Відділу Генерального Штабу (підпісь),
Січня 1919 року.

די איבערזעצונג אין אידיש:

## צו דער וויניצער אידישער קהלה.

אויף אייער ביטע האָט דער קאָרפּוס-קאָמאַנדיר געענטפערט מיט פאָלגענדער רעזאָלוציע:

„בעסער איז אָנצונעמען מיטלען—1) אז די מיטגלידער פון דעראזשנער קהלה זאָלן ניט אָגיטירן פאר „סאָוודעפּן“; 2) קיינע מיטלען אויף צו באַשיצן די באַפעלקערונג פון לעטיטשעווער אויעזד דאַרפן ניט אָנגענומען ווערן, ווייל דעמאָלט וועלן ניט העלפן קיין שום קאָזאַקן,—די קאָזאַקן, האַלטענדיג, אַז די לעטיטשעווער באוואָפנטע כחות שטיצן די באָלשעוויקעס, וועלן זיי טאַקע אויס׳הרג׳נען. מאַכט שטרענגער די נאכפאָרשונג און אַרעסטירט אַליין די אומזיכערע עלעמענטן און אַגיטאַטאָרן, וואָס זיינען פיינדליך דער אוקראַיִנישער פאָלקס-רעפּובליק. ווייזט זיך דורך דעם אַרויס אַלס אמת׳ע בירגער פון דער אוקראַיִנישער פאָלקס-רעפּובליק, וואָס אָנערקענען און שטיצן די דירעקטאָריע“.

פון מיין זייט האָב איך באַשטימט אַן אויספאָרשונג וועגן די דעראזשנער געשעהענישן.

שטאַב-שעף פון 2-טן פּאָדאָלער קאָרפּוס—
גענעראַלני כאָרונזשי (חתימה).
שעף פון דער אָפּטיילונג פונ׳ם
גענעראַל-שטאַב (חתימה).

יאַנואַר 1919.